# אַ בוך צום לעבן

ספר לחיים

אַ נייער בוך
מיט נייעם תוך
געדאַנק געזאַנג
מיט עפּעס נאָך

באַגלייט מיט פרייד

פון

א. לוצקי

ניו־יאָרק
יאַנואַר 1948

## אַ פרייַלעכער בוך פון א. לוצקי

איבערזעצט אין ענגליש צוזאַמען מיטן אידישן טעקסט

גרייט זיך צום דרוק.

**אַבאָנעמענט־פרייז 5 דאָלאַר.**



געדרוקט ביי ברידער שולזינגער

*Printed in U.S.A. by*
SHULSINGER BROS. LINOTYPING & PUBLISHING CO.
21 EAST 4TH STREET, NEW YORK 3, N. Y.



253

# לייענער און שרייבער אין אַלע לענדער
# זאָגן און שרייבן וועגן א. לוצקי

דער טיפסטער פּאָעט אין אידיש.

דער גרעסטער מייסטער פון אידיש.

איינציק אין „באַלעבן” טויטע זאַכן.

איינציק אין „באַשאַפן” מענטשן צום לאַכן.

דער איינציקער פרייליכער דיכטער
ביים אידישן פאָלק
אין דער גאַנצער וועלט.

צענדליקער טויזנטער
אידישע לייענער
שעפּן פרייד
פון לוצקי׳ס לידער.

דער בעסטער פאָרלייענער פון לוצקי —
איז לוצקי.

## זיבן טייל אין בוך

•



**176 לידער אין בוך.**

# אינהאַלט

•

## אַ ל ע ר ל י י

33 לידער, זייט 17—67

## פאָלק ישראל

40 לידער, זייט 69—142

# אידישע ליבע

18 לידער, זייט 143—178

## איך אַליין

21 לידער, זייט 179—204

## די וועלט אויפֿן פעלד

29 לידער, זייט 207—260

## לעבעדיקע מינים

## העלפאַנט — אַ צדיק

# איך קום צו אייך

איך קום צו אייך מיט גרויס געזאַנג,
מיט שטילערע — פון שטילסטער רו.
יעדע שטיקל אַן אַנטיקל,
איינס אַזוינס און מער נישטאָ.

פון אַן עלפאַנט ביז אַן אַטאָם,
פון אַ מענטשן ביז פּאַפּיר,
פון אַ טעפּל ביז צום הימל,
שוין אַריינגערעכנט מיר.

מיינס אַ זמר׳ל — איז תורה,
מיינס אַ זאָג — איז טיפע קלאָר.
קלאָרע וואָר — ביי מיר לעגענדע,
„דאַכט זיך" — איז די גאַנצע וואָר...

אוי, פאַרגעסן גאָר אין גאַפן!
אויפגערוישטער קינדער־שטאַר!
דאָ — די פלאַטערלעך פון שאָפן!
דאָ — די צויבערלעך דערפאַר!

וואָס־זשע שוויג איך וועגן לשון?
וועגן חנ׳דעלעך פון וואָרט?
מיינע ווערטער קוואַלן קוועלן,
אויפגעטאַנצטע אויפן אָרט.

יאָ, איך מוז דערמאָנען „נאַריש!"
טאַמעוואַטע בלאַנקע פרום!
צו באַווייזן זיך אַ חכם —
מוז מען זיין אַביסל דום!

ניין, פון הונגער — ניט געשמוגלט!
נישט געדרייט זיך „הער און הין".
נישט געביטן זיך פאַר קיינעם,
איך — בין איך — אַוואו איך בין!

נישט „געהאַנדלט" מיט געפילן,
נישט „געקליגלט" זיך דערין.
ניט איך האַנדל, ניט איך שאַנדל,
בלויז איך בין, און בלויז איך בין!

איינער כליפּעוועט אין האַניק,
פרייט זיך פריי, און שרייט: ס'איז קלעם!...
ווער עס לעבט פון האַכצן־יאַכצן,
איך דערהאַלט זיך פון באַנעם.

מיינע לידער — לויטער לעבן,
„אייביק" זינגט אין שטילסטער רו.
יעדע שטיקל אַן אַנטיקל,
איינס אַזוינס, און מער — נישטאָ!

# װעלט באַגערט אַ נײַעם סדר

אַלע פֿעלקער — די אָרקעסטערס,
מיט די סאָלאָס, מיט די כאָרן,
מיט די פֿידלען, מיט די האָרן,
מיט די פֿירער — דיריגירער,
גרייט צו שפּילן און צו זינגען,
אַלע לענדער צו געבלענדן,
מיט דער פֿרייד דער װעלט צעשפּרייטער.

נאָר דער סידור פֿאַרן סדר —
איז דער אַלטער פֿון כסדר.

נעמט אין אַכט!

יענע װערטער — שוין צעפֿוילטע,
אויסגעמוילטע, אויסגעהוילטע,
װאָסער זינגען, װאָסער שפּילן,
אוי, זיי גרילצן שוין און גרילן:

װידער רייך און װידער אָרים,
װידער המן, װידער פּורים.
לעבסטו ערלעך — האָב דעם דלות,
ביזטו אָרים — לייד, דאָס אַלעם.

נישט דעם סידור פֿון כסדר,
װיי דער װעלט פֿון אַלטן חדר.

װעלט באַגערט אַ נײַעם סדר!

# איך, מיך, זיך...

אַ העלפֿאַנט איז גרויס,
אַ מוראַשקע — קליין.
יעדער באַ זיך —
וויכטיק אַלצאיין.

וואָס זאָג איך אַלצאיין,
— מעהן!
יעדער באַ זיך —
בלויז ער אַליין.

וואָס זאָג איך אַליין,
אַלע אין דער וועלט —
צוליב אים אַליין.

ווער איז דער נענטסטער צו זיך?
— איך.

ווער איז דער נענטסטער צו איך?
— מיך.

ווער איז דער נענטסטער צו מיך?
— זיך.

ס'איז איך,
מיט מיך,
מיט זיך.

באַלד אינדערפרי — איך.

אינמיטן בייטאָג — איך.

שפּעט באַנאַכט — איך.

אַזוי מיט אַ פליג,

אַזוי מיט אַ מענטש,

אַזוי מיט אַ פאָלק.

אַלע מלחמות — איבער איך...

וועט די וועלט שוין ווערן קליגער?
צי מעט דאַרפן
נאָך אַ ליד דעריבער.

— מעט דאַרפן נאָך אַ ליד דעריבער.

# ווער איז מענטש

דער לייב איז ווילד, די טויב איז מילד,
ס'איז קלאָר און וואָר ווי אויף אַ שילד.

ווער איז מענטש?

ער שמייכלט מילד אין גוטן מוט —
און ווערט אַ ברוט — אין איין מינוט.
ער שאַרפט דאָס וואָרט און קניפּט די רוט,
און פלאַמט און סמ'ט זיין חבר'ס בלוט.

ווער איז מענטש?

אַט ערשט — אַ וואָלף, און שוין — אַ לאַם.

אַליין דער פלאַם וואָס צינדט זיין שטאַם.

אַליין דער קנעכט וואָס היט זיין צאַם.

אַליין דער האַר וואָס קלעמט אין קלאַם.

ער גראָבט דאָס גאָלד — און לעבט אין נויט.
ער מאָלט די מעל — און זאָרגט פאַר ברויט.

ער זאַמלט רויב — און שאַפט געבאָט.
ער זינקט אין שטויב — און רעדט צו גאָט.

ער נידערט דיך — צו הויבן „זיך".
ער לייקנט דיך — צוליב זיין איך.

ער ליבט די וועלט — און לעבט אין האַס.
ער פרומט אין בוך — און פעלשט אין גאַס.

ער טויט זיין שענסטן אידעאַל —
צוליב אַ קנעפּל — אַ מעדאַל.

ווער איז מענטש?

ער הויבט זיך אויף און פירט און ווייזט,
און ווערט פאַרבלענדט אין בליאַסק פון גייסט.

און זעט ניט דאָ — וואו ער גרייזט.
און זעט ניט וואו — זיין שונא פלייסט...

ער גרויסט אַ מילב דורך שטערן־גלאָז —
און קליינט דעם מענטש אַזוי ווי גראָז.

ער ויינט פון פרייד — און זינגט פון צער.
ער לויפט פון לייד — און זוכט געפאַר...

דער קאָפּ — אַ גרייז, דאָס האַרץ — אַ קינד,
ער ווייסט די וועלט — און בלאָנדזשעט בלינד.

ווער איז מענטש?

אַט בליצט ער אויף — און באַלד — אַ שטיין.

אַליין דער באַרג פון שטויבן־קליין.

אַליין דער גייסט אין זיין געביין.

ער לעבט אין אייל — און שרייט ס׳איז גיך.
ער פאַרשט דעם רוים — און קען ניט זיך.

ער יאָגט אין יאָך — און וויל אַלץ נאָך —
און פאַלט אַוועק — אינמיטן קאָך.

שוין...
שוין?
ווער איז מענטש?

# אַ נייער חשבון הנפש

דאָס לעבן פון אַ מענטשן
רעכענען צום לייגנסטן —
הונדערט יאָר.
פאַרשלאָפן מיר די יאָרן
זאָגן מיר אַ דריטל —
בלייבט שוין איבער וויפיל?

— שטעל אַוועק.

„עפּעס" צו דערגרייכן —
מוזטו פריער וועלן.
וועלן איז נאָך ווייניק —
מוזט עס נאָך באַזאָרגן.
מיינט עס גרויסע מיען,
טראַכטעניש מיט זאָרגן.

און באַזאָרגן זיך אויף „מאָרגן",
מיט אַ „קניפּל" אין פאַרבאָרגן,
אויף דער עלטער ניט צו זאָרגן,

מאַכט עס קורץ די יאָרן —
לאָמיר זאָגן דאָבל.

אויב ניט מער ווי דאָבל —
אַ מציאה נאָבל.
בלייבט שוין איבער וויפיל?

— שטעל אַוועק.

אוואו אמאָל אַ גריפּל,
אין העלזעלע א כריפּל,
אין נעזעלע א זיפּל,
אין אויגעלע אַ דריפּל,
אין בייכעלע אַ ריפּל,
אין פּלייצעלע א ציפּל,
אין קניעלע אַ קניפּל,
אַ בלוסטער אויף אַ ליפּל,
מאַכט עס קורץ די יאָרן —
גוטע דאָבל טריפּל.
בלייבט שוין איבער וויפיל ?
— שטעל אַוועק.

און נעמען זיך צום האַרצן
פון אַ ליאַדע גאָרנישט,
אפילו „דאָס איז בלאָטע" —
גריזשעט די גריזאָטע,
דרילעוועט די דלאָטע,
פייניקט די קלאַפּאָטע,
מאַכט עס קורץ די יאָרן —
דריי מאָל דאָבל טריפּל.
בלייבט שוין איבער וויפיל ?
—שטעל אַוועק.

די ליבע שמיבע דריבע,
מיט די גלוסטע אינטערעסן,
מיט די רייצערשע „פרינצעסן”,
מיט די גליקלעכע סוקסעסן,
מאַכט עס קורץ די יאָרן —
אויף הונדערטער מעסלעסן.
בלייבט שוין איבער וויפיל ?

— שטעל אוועק.

אוואו איז צער פון קהל ?
צער פון פאָלק ישראל ? . . .

איצטער דעם סך הכל.

לויט דער צאָל פון ליידן,
וואָס קירצן אָפּ די יאָרן —
לעבט מען גאָט צו דאַנקען,
נאָך אַלע די פאַרלאָרן ;
סאַי פון צרות אידן,
סאַי פון צרות אייגן.

דאַרף דער מענטש גאָר פרעגן :

פון וואַנען נעמט דאָס לעבן —
די יאָרן צו דערלייגן ?

# דאָס רגע׳דיקע ווייזערל

דאָס רגע׳דיקע ווייזערל אין זייגער —
רעגט זיך נאָכאַנאַנדער
און סע איילט זיך,
צו פאַרמיידן דעם סך־הכל,
וואָס די שטילעניש
זוכן עס אַריינצוזאָגן:

ווייזער ווייזער ווייזערל...

רו זיך אָפּ אַ ווײַלינקע, איך בעט דיך.
עפּעס דיר דערציילן, וואָס דו ווייסט ניט!
עפּעס דיר צו הערן, וואָס דו הערסט ניט!
עפּעס דיר צו אָנען, וואָס דו אָנסט ניט!

נאָר דאָס אימפּעטיקע ווייזערל
וויל נישט וויסן, וואָס סע ווייסט נישט,
וויל נישט הערן, וואָס סע הערט נישט,
וויל נישט אָנען, וואָס סע אָנט נישט.

ניט אַ רגע׳לע פאַרלירן —
אפשר מיינט עס,
אפשר מער ניט,
אוי, איך וויל נאָך!

לאָמיך איילן,
לאָמיך יאָגן,
ניט צו וויסן וואָס די שטילקייט וויל מיר זאָגן!

אוי, איך מוז זיך טראָגן, טראָגן!
רונד אַרום מיין וועלט צו שוועבן,
מיטן רוישן פונם לעבן!

# אַ שוועבעלע פלאַקערט

ניט נאָר די זון — אַ שוועבעלע פלאַקערט,
און דונערט און בליצט — מען זאָל זען און הערן.
ניט נאָר דער רוים — אַ פונקל צעפאַקערט,
און טראָגט זיך פאַרביי — ווי אין הימל אַ שטערן.

ניט נאָר אַ וואַלד — אַ גרעזעלע צאַפּלט,
אין טעפּעלע ערד — ביי מיין אָפענעם פענסטער.
ניט נאָר אַ ים — אַ פישעלע פלאַפּלט,
אין שיסעלע שפּיגעלע — ים'עלע שענסטער.

ניט נאָר מוזיק — אַ פליגעלע פליגלט,
און זשומעט מיט ווייען — געשרייען פון אומעט.
ניט נאָר דער מענטש — אַ מערעשקע גריבלט,
און וויל זיך באַזאָרגן — מיט „עפּעס" אויף תמיד...

# הפקר

שיכור — יום־טוב׳ט,
ניכטער — וואַכיקט.
וואָס איז בעסער ?
— יום־טוב.

שיכור — פליגלט,
ניכטער — ערדיקט.
וואָס איז בעסער ?
— פליגלט.

שיכור — הפקר׳ט,
ניכטער — חשבונ׳ט.
וואָס איז בעסער ?
— הפקר.

# אַ דעקל לויפט נאָך אַ פושקע

אַ פארלוירענער דעקל
שארט זיך גיריק,
הינטן־ארומער,
צו אַן אָפענער פרעמדער פושקע
אויף אַן עלנטער גאַס,
אין אַ ווינטיקן דרויסן,
אַקעגן פארנאַכטצו.

איילט זיך דער דעקל,
און רעדט צו דער פושקע
לשון פליושקע:

פושקע־דושקע,
לאָמיר זיך באַהאַלטן
הינטערן פאַרקן,
ביידע אינאיינעם.

דו — מאַרושקע,
איך — קאַפעליושקע,
מאַכן מיר שושקע.
קומשקע־מושקע.
פאַרמאַכטע פושקע...

דרייט זיך די פושקע
אוועק פונם דעקל,
מיט אַ מרוטשקע:

וואָס מיר דושקע,
וואָס מיר שושקע,

לאָז מיך אָפּ.
געוועזן גענוג
פֿאַרדרייט מײַן קאָפּ.
געהאַט אַ שלאַק
אַ שטרענגן דעקל —
אוי אַ פּעקל,
קוים געפּאַטערט
אים אַראָפּ...

די גאַנצע וועלט
פֿאַר מיר איז פֿריי —
איך פֿאַרבינד זיך נישט
אויפֿסניי!...

אַ דעקל מיט אַ פֿלוידעריי!...

# גוטן איז שלעכט

„גוט” טענה’ט צו „שלעכט” :
הערסטו, „שלעכט”, וואָס איכל דיר זאָגן —

דיר — „שלעכט” איז גוט.
אָבער טאָקע זייער גוט.
ווערדליך „ערגער” —
איז דיר שוין בעסער.

מיר „גוט” — איז שלעכט.
אָבער טאָקע זייער שלעכט.
ווערדליך „בעסער” —
איז מיר פיל ערגער.

## דאָס בעסטע געשעפט

דאָס בעסטע געשעפט אין דער וועלט
איז דאָס לעבן.
אינגאַנצן פּראָפיט,
לויטער פאַרדינסט.
עס קאָסט נישט אַ סענט
און מען קריגט אַריין פרייד
אין דער ווערט אַ מיליאָן,
אַמאָל נאָך מער.

## די אַריינכאַפּער

מענטש !
וויל נישט אַריינכאַפּן אַלץ.

מענטש !
ריים נישט דעם קאָפּ צו הויך.

מענטש !
מיין נישט דער מענטש איז אַ פערד.

מענטש !
רעד נישט אַז דו ביזט פון גאָט.

מענטש !
זאָג נישט ביזט קלענער פון גראָז.

אַלע מענטשן — אויף דער ערד...
און יעדער מענטש באַגערט...

מענטש !
וויל נישט אַריינכאַפּן אַלץ.

## פרעג נישט „וואָס מאכסטו״

באַגעגנסט אַ פריינט —
פרעג נישט „וואָס מאַכסטו״.

זאָגט ער דיר „גוט״ —
זעט ער אוים נאַריש.

אַפילו אַ פערד —
טרויערט אויף דער ערד.

אפילו אַ קו —
מוהוקעט מוהו.

אַ מענטש זאָגט „גוט״,
אַ מענטשן איז גוט?

אַבי זאָגן גוט
עס זאָל קלינגען ניט שלעכט?

— זאָגט ער דיר „שלעכט״,
איז אויך נישט גוט.

ער זעט אוים אַ נעבעך,
און ווער זוכט אַ נעבעך?

דו, ביזט דאָך נעבעך
אַליינעט אַ נעבעך...

באַגעגנסט אַ פריינט —
פרעג נישט „וואָס מאַכסטו״.

דערפריי זיך און רעד
פון פריילעכע זאכן.

# רייך — אָן געלט

איינער איז רייך — וואָס ער האָט,
דער צווייטער איז רייך — וואָס ער האָט ניט.

האָבן צו האָבן איז ניט גלייך,
און פעלן צו פעלן איז ניט גלייך.
געווענדט זיך וואָס פאַר האָבן,
געווענדט זיך וואָס פאַר פעלן.

איינער איז רייך — ער האָט.

ווילט איר אַ צימער — האָט ער הייזער.
ווילט איר אַ מאַנטל — האָט ער שעפער.
ווילט איר אַ פּושקאַרט — האָט ער מאַשינען.
ווילט איר אַ דאָלאַר — האָט ער פאַרמעגנס.

ער ווייסט שוין אליין ניט וויפיל ער האָט,
אזויפיל האָט ער.

דער איז אַ עושר — ער האָט.

פאַראַן נאָך אַ גרעסערער עושר — ער האָט ניט.

ער האָט ניט קיין טי־בי,
ער האָט ניט קיין דייעבי,
ער האָט ניט קיין טרייטי,
ער האָט ניט קיין טראָם־באָז,
ער האָט ניט קיין ראַלזשי,
ער האָט ניט.

וואו נאָר אַ קרענק אין דער וועלט —
ער האָט ניט.

דער — האָט דעם אוצר פון לעבן.

# אַלע גלייך

נעבעך אַן אָרימער מאַן,
נעבעך אַן איינזאַמער מענטש,
נעבעך אַ שוך אויף דער גאַס,
אַלע גלייך.

אַ קאַץ שרייט געוואַלד אינדערנאַכט,
אַ קינדעלע וויינט ערגעץ ווייט,
אַ פּושקעלע לויפט מיט אַ ווינט,
אַלע גלייך.

# זאַכעלעך אין גאַס

ליגט אַ פעדערל —
אַ צוי.
שרייט דאָס פעדערל: —
איך פלי!

ליגט אַ שטעקעלע —
אַ פּיר.
שרייט דאָס שטעקעלע: —
שפּאַציר!

ליגט אַ פעדימל —
אַ דריי.
שרייט דאָס פעדימל: —
איך ניי!

שטייט אַ בלימעלע —
אַ בלאָז.
בויגט זיך בלימעלע —
צו גראָז.

ווינט אַרויף,
און ווינט אַראָפּ, —
וואָס אין דרויסן
טוט זיך אָפּ!

# אַ מזל פון אַ קבצן

זיצט אַ קאַטשקע,
גייט אַ קבצן.
טראַכט ער נו, ס׳איז גוט צו וויסן:
אָט־אָ כאַפּ איך אַ מציאה,
און א סעודה באַלד געניסן.

רוקט זיך צו דער קבצן לאַנגזאַם,
און ער נעמט צו איר זיך ציען —
איז די קאַטשקע גאָר אַ פויגל,
כאַפּט ער זיך און הויבט אָן פליען.

# דאָס וואָס דו האָסט

דאָס, וואָס דו האָסט —
איז גלייך ווי דו האָסט ניט;
דו האָסט עס.
און דאָס, וואָס דו ווילסט —
דאָס קענסטו ניט קריגן;
מען לאָזט ניט.

פאַרמאָגסטו אַ סך —
און מיינסט אַז דו האָסט ניט;
דו האָסט עס.
און ליידסט פון אַ זאַך —
דו וועסט עס ניט קריגן;
מען לאָזט ניט.

# אויפן הויכן באַרג

וואָס מיר זעען היינט,
וואָס מיר הערן היינט,
וואָס מיר פילן היינט,
א נאַרישקייט —
צום מענטש וואָס וועט ערשט זיין.

וואָס מיר רעדן היינט,

וואָס מיר שרייבן היינט,

וואָס מיר בויען היינט,

וואָס מיר וואונטשן היינט,

א נאַרישקייט —
צום מענטש וואָס וועט ערשט זיין.

וואָס אַזוינס וועט זיין — ווען אַזוינס וועט זיין —
ווייזט זיך ניט פאָרויס — ביז אַזוינס וועט זיין.

אויפן הויכן באַרג — קלעטערט מען ארויף,
דראַפּעט מען זיך דאָרט — דאַכט זיך באַלד דער סוף.
נאָר דער הויכער באַרג — וואָס די צייטן ציט,
יענער ווייטער שוואונג — וועלט׳ס אַן אייגן ליד.

# נאָך דער גאולה

די וועלט וועט אַרומגיין — מיט פלאַמיקע לעכט —
און זוכן אַ מענטשן, וואָס זאָגט: מיר איז שלעכט.
און וועט מען געפינען אַ מענטשן אַזאַ —
וועט ווערן אַ טומל, הו־האַ! האַ־האַ!

אַ מענטש זאָל זיך קלאָגן, ווי קען עס גאָר זיין?
אַז בעסער ווי איצטער באַדאַרף גאָרניט זיין!
עס פליען דעפּעשן פון לאַנד צו לאַנד,
די שטעט ווילן וויסן פון וואַנען ער שטאַמט.

דער נביא לאָזט וויסן דער שטאָט וואָס צו טון,
ער פליט און באַפעלט פון אַ הויכן באַלון:
פאַררופט אַ פאַרזאַמלונג, די גרעסטע אין גאַס!
און דער, מיט די צרות, זאָל שטיין אויף אַ פאַס!

און וואָס ער טוט זאָגן — פאַרשרייבט מיט באַדייט!
אַ קלייניקייט עפּעס — אַ מענטש, וואָס ליידט!
דער פּרעזידענט אָרדערט צו פאַלמעסן אים,
„מיר מוזן געפינען דעם סוד, וואָס אין אים."

די וויסנשאַפט פאָדערט — זיין לייב אין מוזיי.
„זאָל בלייבן לדורות, אַ מענטש מיט וויי".
אַזוי וועט עס זיין — ווען דאָס גליק וועט געשען.
אַפילו תנ"ך — האָט אַזוינס ניט „געזען".

# אַ מענטש — אַ ברונעם

אין אַ ברונעם —
טויכט אַראָפּ אַ העמער
אַנגעהאַנגען
אויף אַ קייט אַן אויפגעוויקלטער,
אַ לויז־געלאָזענער,
ער פאַלט אַריין
אין ברונעמ׳ס טיף
אַ דורשטיקער, אַ טרוקענער,
און הויבט זיך אויף
אַרויף צוריק
אַ פולער,
אַנגעשעפּט מיט זעלעניש,
מיט וועלט׳ס צעקוועלעניש,
אַריבער זיינע ברעגן.
מענטש איז אויך אַ ברונעם.
יעדער מענטש — אַ טיפער ברונעם.
אין אַ מענטשן —
טויכט אַראָפּ דער מענטש אַליין
אין טיפן זיך אַריין,
פון קייט־געדעכעניש
אַן אויפגעוויקלטער,
אַ לויז־געלאָזענער,
און הויבט זיך אויף
אַרויף צוריק
אַ פולער,
אַנגעשעפּט מיט ווייעניש,
מיט באַנגעניש, געדראַנגעניש,
און פליסט אַריבער מיט געוויין
אַריבער זיינע אויגן־ברעגן.

# דאָס מיידל אויף פליגלען

אַ מיידל אויף פליגלען, צעפּלאָטערטע האָר,
דאָס קליידל צעבלאָזן, פאַרריסן ביז גאָר.
זי פליט אום מיט טויבן, אינאיינעם-געמיש.
זיי זוכן אַ מלאך — זיין נאָמען איז „איש"

אַזוי ווי זיי פליען און שרייען „איש-איש!"
באַווייזט זיך אַ וואַסער, און איינער כאַפּט פיש.
פאַרשטייען זיי תיכף, אַז דאָס איז ער ניש.
ווי קומט צו אַ מלאך זיך טשעפּען צו פיש?

פליען זיי ווייטער, באַווייזט זיך אַ „איש".
נאָר וואָס איז די פּעולה, דער „איש" עסט אַ קניש.
פאַרשטייען זיי תיכף, אַז דאָס איז ער ניש.
ווי קומט אַז אַ מלאך זאָל עסן אַ קניש?

אַזוי ווי זיי פליען, באַווייזט זיך אַ טיש.
אַ שיכורע אישה, געהאַלזט פון אַ „איש".
פאַרשטייען זיי תיכף, אַז דאָס איז ער ניש.
ווי קומט צו אַ מלאך אַ אישה צום טיש?

פליען זיי ווייטער, פון „הודו ביז כיש",
נישטאָ אַזאַ מלאך — זיין נאָמען איז „איש".
פליט שוין דאָס מיידל מיט טויבן-געמיש
אַראָפּ אין דער נידער — און זוכן מער ניש...

# געלט בלייבט...

דער גרעסטער קבצן —
שטאַרבט מיט געלט אין קעשענע.
אויב נישט מיט אַ טויזנטער —
אַמווייניקסטן אַ פּענע.

אויב אַזוי — איז אַזוי:

אַ מענטש פאַרלאָזט די וועלט,
דער רייכסטער, צי דער אָרימסטער —
ביידע לאָזן איבער געלט.

בלייבן די פינאַנצן,
און דער מת איז מוחל זיי אינגאַנצן.

וואו־זשע איז דער שכל
פון כסדר זיך צו יאָגן,
בלויז די געלדער צו פאַרמאָגן,
מער און מערער אָנצוטראָגן...

וואָס־זשע טויגן די פאַרמעגנס,
אַז דער אָרימסטער אפילו,
ביז דער ענדע פון זיין לעבן —
האָט די פּענע, זיין פאַרמעגן —
ניט באַוויזן אויסצוגעבן.

וואָס־זשע דאַרף מען דאָס צו קלייבן?
אַלץ דערנאָך וועט איבערבלייבן...

וועט די וועלט שוין ווערן קליגער?
צי מ'עט דאַרפן נאָך אַ ליד דאַריבער.
— מ'עט דאַרפן נאָך אַ ליד דאַריבער.

# אַפילו אַ גרעזעלע

אַ גרעזעלע,
אַ ליידיקס,
גאָלע גאָרנישט.

דאַכט זיך בלויז אַ גאָרנישט,
אָבער אַ באַשעפעניש,
אַ באַשאַפעניש.

אַ חברה-מאַן.
ער האָט זיין פלאַץ.

אוואַדע נישט קיין בוים,
אַ שטייגער ווי אַ צעדערבוים.
אוואַדע נישט קיין זאַנג,
אפילו דער וואָס האַלט זיך קוים.

בלויז אַ גראָזעלע.
אָבער אַלץ אַ קינדעלע.

אַלע — קינדערלעך
ביים גרויסן האָריזאָנט,
וואָס רופט זיך רוים.

אפילו אַ גרעזעלע.
רופט עם גראָזעלע.
אָדער גראָז.

# מלחמה־ליד

אויף די פעלדער, אין די וועלדער,
ביי די שליאַכן, אויף די פּלאַכן,
אויף די בערגער, אין די טאָלן,
אין די שטעטלעך, אין די כרך׳ן —
אַ מלחמה׳שער ראַזמאַכן.

אומעטום אַ מאַכן־זאַכן.
קראַכ־אַכ־אַכן.
טראַכן!

פּאַרע פּאַרעט, און סע זשאַרעט,
כמאַרע כמורעט,
אַ מעכאַיעכץ, אַ מחיה.

הויכע קוימענער ווי שוואַנען, —
שלאַנקע העלזערדיקע קראַנען,
הויך אַרויפגעשאָסענע פון דאַנען,
זעצן רויכן ווי וואולקאַנען
צו דער גאָטהייט דאָרט פאַראַנען...

מענטשן לויפן, מענטשן איילן,
ניט אַ רגע׳לע פאַרווײלן,
יעדער שטרעקעלע איז מײלן,
יעדער איינער — פון די „זײלן״...

שנעלער־שנעל, מיר מוזן זיגן!
סאָציאַליזם אויף די שוועלן!
אַלע לענדער וועלן קוועלן!

# צוויי יאַפּאַנדעלעך

צוויי יאפּאנישע אינגעלעך,
זיצן אין יאפּאן,
לעבן א באמבו שטיבעלע,
מיט שטעקעלעך אין זעמדעלעך,
און רעדן מלחמה.

פרעגט א אינגעלע:
— וויפיל שיפן האָט יאפּאן?

— האַ! —
בלאָזט זיך אָן דער צווייטער,
— ווער קאָן ציילן?
אָן א שיר.
אפשר מער פון פיר!

— און וויפיל שיפן האָט אַמעריקע?
פרעגט דאָס אינגעלע פארוואונדערט.

—אַמעריקע-שמעריקע! —
מאכט צו נישט דער צווייטער,
אפילו נישט קיין הונדערט!

# אַ טעאַטער וועטעראַן

אַ וואָדעוויל מאַן,
אַ טעאַטער וועטעראַן
נאָך פון ערשטן וועלט־קריג.
האָט ענדלעך „רעליף"
אים באַלוינט מיט אַ גליק:
צו גראָבן די ערד
ביי ברוקלין בריק.

היינט דער ערשטער טאָג.

לכבוד דעם „יום־טוב",
אַזאַ מין דערווויסן!
— אליין זיך געלאַדן
מיט שנאַפּס צו באַגריסן,
אַהינטער קוליסן.

אַצינד איז טעאַטער,
מיט פלאַטער־טאַראַטער.
שטייט ער געשפּאַרט
אויפן רידל פון אייזן,
און טוט פאַר דער „חברה"
זיין ראָלע באַווייזן.

דערקלערט ער דראַמאַטיש:

אַן עלטערער מענטש,
מיט אַן איינציקן דיים —
אַזאַ איז שלעכט.

— אַ מענטש אָבער, איך!
מיט אַ דאָלער פאַרמעגן!
באַדאַרף איך ארבעט?
ער וואַרפט אָפּ דעם רידל,
און לייגט אוים אַ דאַלער,
צעשפּרייט ווי אַ טישטעך —
און יובלט פינאַלאָ:

וואָס האָב איך, אַ דיים?
— איך האָב דאָך אַ דאַלער!

אַ מענטש מיט'ן דאַלער —
קאָן אויסזען די וועלט!

אַ מענטש האָט דעם דאַלער —
פאַרמאָגט ער די וועלט!

— און איך בין דער מענטש,
וואָס פאַרמאָג אָט דעם דאַלער!

— ער פליגלט דעם דאַלער,
און טרילעט טראַלאַלער.

באַדאַרף איך נאָך אַרבעט?

— דעם גרובער אַ כאַפּ,
און אַ גרוב אין דער ערד.
ער בלייבט שטיין פאַרקלערט
מיט די אויגן פאַרטרערט.
איך האָב דאָך נישט מער
ווי דעם איינציקן דאַלער!

# מענטשן און זאַכן

.1

זעסט דאָס ביינקל ?
לאָז עס שטיין
און יאָווע זיך אין טויזנט יאָרן שפּעטער —
וועט עס נאָך נישט פאַלן פון די פיס.

זעסט די שאַפע ?
אַ געביידע זיך אוועקגעשטעלט
און גלאָמפּט אין רוים אַריין.
קאָן אַזוי אוועקשטיין דורות.

זעסט דעם לעמפּל ?
צינד אים נישט, און לעש אים נישט,
לאָז אים.
וועט ער זיך דערוואַרטן אויף משיח.

זעסט דאָס מענטשעלע פון ליים?
די אויערן הערן נישט.
די אויגן זעען נישט.
די גלידער פילן נישט.
גוט אויף אייביק.

בלויז דער לעבעדיקער מענטש —
איז אויף אַ ווייל...

.2

אַלע זאַכן האָבן צייט.
אַלע חפצים האָבן אַן אַ שיר געדולד.
אַ טאָפּ,
אַ גלאָז.
יעדער מין — אַ שטיק פון תמיד.
אַ טייל פון שטענדיק.
נעמט דער מענטש — און ברענגט זיי אום.

ער זעט זיי ווערן עלטער,
עפּעס נישט מיט אַלעמען —
אַרוים מיט זיי.
אַריינקריגן נייע...

אָבער מענטש.

ער שטאַרבט אַוועק — פון וועלן לעבן...
ווייסט איר ווער סע לאָזט אים נישט?
— די אייביקייט...

די זעלבע אייביקייט פון גלאָז.
פון טאָפּ...

די אייביקייט באַגעגנט איינעם,
אָדער איינע. —
עפּעס נישט מיט אַלעמען.

שוין נים דאָס זעלבע וואָס געווען.
זיי געפעלן מיר נישט מער.
— אוים מיט זיי.
אַריינקריגן נייע...

# אויף יענער זייט זייגער

אַ האַמערל קלאַפּט אויף אַ רעדעלעם פּיסלעך
און שטופּט זיי כסדר:
גיי שוין, גיי שוין, גיי שוין, גיי שוין.

אַ רעדל אַ צווייטער
וויגט זיך פּאַוואָליע אויף אַ ווייכער שפּרוזינע
און מאַכט מיט אַ מינע:
אַ רעדל זאָל לאָזן
אַ האַמער אים קלאַפּן
און שטופּן די פּיסלעך
כסדר אָן אויפהער:
גיי שוין, גיי שוין, גיי שוין, גיי שוין.

דרייט זיך אַ רעדל דערנעבן אַ דריטן
און קען נישט באַנעמען דעם פּערטן אינמיטן:
צעלעגט זיך אַ רעדל
און וויגט זיך אינמיטן
אַהין און צוריק
און פון אָרט נישט געביטן.

דרייט זיך אַ פינפטער
ביינאַנד מיט אַ זעקסטן
און מורמעלט אַ שפּאַסל
פון רעדל דעם נעקסטן:
זע נאָר אַ רעדל
ער פוילט זיך צו דרייען
ער גייט אין געדראַנגען
וואָס אַנדערע גייען...

שלאָפט דאָרט אַ רעדל
פֿאַרלאָזן, פֿאַרגעסן.
ער גיט זיך אַ ריֶרל
ביים סוף פֿון מעסלעסן...

שמייכלט אַ שטיפטל,
און שטאָלצט אין באַהאַלטל:
ווען נישט איך — דאָס האַלטל —
איז אַלעם צעפֿאַלטל...

אויף יענער זייט זייגער —
אַ בלאַט מיט אַ ציפֿער,
פֿון צוועלף ביז איינעם.

באַווייזן די ווייזער,
ווי פֿינגער וואָס דייטן,
דאָס בייטן פֿון צייטן.

מיין קעשענע זייגער
מיט אַלץ דאָרט אינײַנעם —
זעט אוים ווי דער וועלט־רוים,
וואָס פֿירט זיך פֿון קיינעם.

## מענטש, דער אינגסטער אויף דער וועלט

דער שטראָם איז שיכור פון גערויש,
ער קוועלט — די וועלט — איז אָן אַ צאַם.
וואוהין זיין אייל?

אַ היים צום ים.

דער בוים האַלט הויך די הענט צעשפרייט,
אַזוי ווי שוין צו פליען גרייט.
וואו בלייבט דער בוים?

אַ וואו ער שטייט.

די בלום פאַרשמעקט דאָס פעלד אַרום,
און קוים זי האַלט זיך אויף אַ שטרוי.
וואָס וויל די בלום?

אַ טראָפּן טוי.

דער לייב — דער ווילדסטער אינם וואַלד,
ער לאָקערט אום און ברומט געוואַלט.
וואָס וויל דער לייב? —

עסן באַלד.

מענטש, דער אינגסטער אויף דער וועלט,
ער איז נאָך אַלץ ניט איינגעשטעלט:
אַ וועלט מיט אַלץ פון אָן אַ שיר —
נאָר עפּעס פעלט...

# נאַט אייך אַ מענטש

וואָס איז אַ פּוּם?
אַ האַמער וואָס קלאַפּט.
וואָס איז אַ האַנט?
אַ גאָפּל וואָס כאַפּט.

וואָס איז אַ קאָפּ?
אַ טאָפּ אויף אַ שטאָק.

וואָס איז אַ האַלדז?
אַ שרויף אין געדריי.
פאַר „יאָ" און פאַר „ניין" —
פאַרביידע־ערליי.

וואָס איז אַן אויער?
אַ טיר מיט אַ לאָך.
וואָס איז אַ שטערן?
צו קנייטשן אַ יאָך.

וואָס איז אַ פּלייצע?
פון יענער זייט וואַנט.
פאַרקערט פונם פּנים —
פאַרשעמט נאָכאַנאַנד.

וואָס איז אַ נאָז?
אויפן בוידעם אַ היים.
אַ ווינט דורך די נאָרעס
לויפט אום אין געהיים.

וואָס איז אַן אויג?
אַ באַלון אין „גאַראַדזש".

וואָס איז אַ מענטש?
אַ אימאַזש קאַמאָפלאַזש.

# מאָנומענטן

דענקמאָלס.
סטאַטועס.
שטיינערנע מענטשן.

אויף סקווערן פון גאַסן,
אויף אָפענע טראַקטן,
דעם הימל אַנטקעגן.

אינמיטן דעם רוישן,
אין קאָכן פון לעבן —
אַ דענקמאָל...

פאַרזאַמלונג פון בוימער
מיט צווייגן צערעדטע,
אין סודות געשפּרעכן
פון בוימערעשע זאָרגן,
אין פּאַרק אין פאַרבאָרגן —
אַ שטאַרקער געשטעל
פון אַ שטיינערנעם אָדם.

אַ מענטש איז געוועזן.
דאָ — זיין געדענקמאָל.

דער פּנים, די אויגן —
מיט יענעמס גלויבן.
ער — איז יענער...

סטאַטועס.

זיי טאָגן אין דרויסן,
זיי נאַכטן אין דרויסן,
דורכאוים צו פאַראויסען...

געשטעלט זיך אין דרויסן,
מען זאָל זיי דערמאָנען.

זיי זשעסטן געשטאָלצן,
מיט טויטע געדראָלצן,
מיט „יענע וועלט" טראָנצן.

אַמאָל האָב געלעבט איך,
אַמאָל האָב געשוועבט איך.

איר מוזט מיך געדענקען.
איר דאַרפט מיך דערמאָנען.
געדענקט מיך!
דערמאָנט מיך!

# דער קעניג פון ענגלאַנד

זוכן פּרנסה — זוכט ער ניט.
פירן געשעפטן — פירט ער ניט.
רעדן מיט מענטשן — רעדט ער ניט.
האָבן אַ מיטינג — האָט ער ניט.
העלפן אַ דיכטער — העלפט ער ניט.
שרייבן זכרונות — שרייבט ער ניט.
בלאָזן אַ טרובע — בלאָזט ער ניט.
טאַנצן אַ פריילעכס — טאַנצט ער ניט.

וואָס — טוט — דער קעניג?

ער שלעפט נישט,
ער שטעפט נישט,
ער גרובט נישט,
ער שובט נשיט,
ער נייט נישט,
ער דרייט נישט,
ער זאָגט נישט,
ער טראָגט נישט,
ער לויפט נישט,
ער קויפט נישט.

וואָס —
טוט —
דער קעניג —
גאַנצענע טעג?

טאָמער ווייסט איר וואָס ער „טיט" —
לאָזט מיר וויסן,
שרייב איך באַלד אַ צווייטע ליד.

# ביכער

מען דאַרף ניט קיין ביכער אויף מאָרגן.
דאָס בעסטע שרייבן — דאַרף זיין אויף היינט.
נאָר אויף היינט.

האָסט צו זאָגן? — זאָג עס אָפּ,
מאָרגן פאַרביי.

מאָרגן —
אַ נייער הויכט אָן פון דאָס ניי,
סיי־ווי־סיי.

אַ בוך דאַרף זיין ווי ברויט.
יעדן טאָג אַ פריש געבעקס.

געגאַנגען שיך,
זיי אויסגעגאַנגען —
אַרויסגעוואָרפן.

געטראָגן אַ „סוט",
אים אָפּגעטראָגן —
אַרויסגעוואָרפן.

געקויפט אַ בוך,
אים דורכגעבלעטערט —
אַרוים מיט אים...

יעדע צייט — האָט אירע גדולים.
יעדער דור — פאַר זיינע קינסטלער.

שטענדיק פריי.
תמיד ניי.
מען דאַרף נישט קיין ביכער אויף מאָרגן.

## זעקס נאַטור פּאָרשער

נאַטור פאָרשער גרויסע — געשטאַלטונגען קליין.
געקרימט און געבויגן איינער־און־איין.
אַ קאַלטער באַרוישן — פון אַנען אַליין.
דעם ריח פון אייזן — פאַרגליכן מיט ביין.

אַריבער שפּאַקולן — אַ גלאָזעלע קליין.
באַווייזט עס, אַז גאַרנישט — איז אָן אַ שיר מיין.
דער שפּיץ פון אַ נאָדל — איז טעמפּ ווי אַ שטיין.
דאָס לעכל אין נאָדל — טונעלן צו גיין.

באַפּעלקערטע אינזלען — אויף פּינטעלע קליין.
מלחמות פון וועזנס — מען זאָל עס ניט זען.
די אויערן מיט האָרנס — וואָס רוישן אליין.
פון צייט נאָך פון קיינער, פון „אָדמ'ס" געוויין.

די פאָרשער די גרויסע — פאַרזאַמלט אין איין,
צו לערנען דעם ווערזוס — פון יעדערנס מיין.

שפּיצט אָן דער ערשטער:
איך — שטודיר ווינטן — דורך הערן אליין.
אין פלאַטער פון צווייען — באַשאַפט זיך נאָך איין.

נידערט דער צווייטער:
איך — שטודיר פלאַנצן — דורך שמעקן אַליין.
אין דופט פון צעבליאונג — איז דאָ דאָס פאַרגיין.

ברויזט אויף דער דריטער:
— איך שטודיר חיות — דורך פילן אַליין.
דער קאַמף פון אַ לעמפערט — אין מוראַשקעס צייַן.

אײדלט דער פערטער:
איך — שטודיר ימ׳ען — דורך טאַפּן אַלײן.
געפּרואװט יעדן װאַסער — אין ערגעץ ניט רײן.

צעכראַסטעט דער פינפטער:
איך — שטודיר ספערן — דורך זען אַלײן.
אַ נול — און דער קאָסמאָס — געהײמען אַלצאײן.

באַנעמט שוין דער זעקסטער:
איך — שטודיר חושים — אין מענטשנס געבײן.
עס פעלט דאָרט דער זעקסטער —
דער חוש צו פאַרשטײן.

# פען און פענסל

(פינף לידער)

אַ פען מיט אַ פענסל —
ליגן זיך איינס נעבן צווייטן
אינמיטן בייטאָג בײַ מיר אויפן טיש
אין אָפענעם געהאָרך.

די פען — מיטן פנים צו מיר.
דאָס פענסל — געטוליעט צו איר.

אַ זוניקער פּאָס איבער זיי —
אַ פינגער פון הימל.

זיי הערן זיך איין
ווי עס בייט זיך די צייט
אין וועלטס געשריי:

חשבון!
תכלית!

# אַ שרייבפּענדל

אַ הילצערן פּענסל —
באַצאָלט מיטן לעבן,
צו זיין וואָס ער וויל —
אַ שרייבער.

מען שניידט פון אים שטיקער —
דער שפּיץ שטאַרצט אַרויס:
איך בין גרויס.

וואָס לייגער ער שרייבט —
ווערט ער אַלץ קלענער.

ער ווערט אַזוי קליין —
מען נוצט אים נישט מער.
אים איז ניט שווער:

איך וויים — איך בין שרייבער —
פון קאָפּ ביז אַראָפּ.
מען שאַצט מיך ניט אָפּ.

פאַרוואָרפן?
— עט.
מ'עט מיר נאָך דאַרפן.

אַ פּענסל וואָס קלענער —
פּאַר יענעם באַקוועמער.
פאַרנעמט נישט קיין אָרט,
און זאָגט זיין וואָרט.

איך האָב נאָך אַ סך וואָס צו זאָגן.

אַמאָל אויף די הענט מיר נאָך טראָגן.

דער מענטש וועט אַמאָל נאָך
באַוואונדערן מיר:

דער קלייניקער פּענסעלע —
שרייבט נאָך ווי פריער!

# אַ גרויסער בליישטיפט

אַמאָל טרעפט אַ בליישטיפט
זעט אוים ווי אַ פען.
נאָך גרעבער, און לייגגער,
מיט היבשן פאַרנעם.

מיט גדלות זיין פּרצוף —
אַ קלייניקייט איך!
נעמט מיך!

איך קאָן אייך באַשרייבן
דעם גרעסטן פּאַפּיר —
מיט אַ לייכטן צעפּיר.

און אַלעמאָל גלאַט,
אָן אמת׳ער כוואַט,
איך זאָג אייך, אַ בראַט.

וואָס בין איך, אַ פען?
צעבראָכן דער שפּיץ —
קריץ.
אינגאַנצן אָן ניץ.

איך — בין אַ בלייער!
מיך אַ פאַרשניץ —
דערשיין איך אַ נייער!

די פען נעבן אים —
מיט באַשייד קוקט ארוים.
ווי פען וואָלט געוועזן —
אַ פענסעלע בלויז.

# אַריינפיר צו פאַונטנפעז

ווען אַ פאַונטנפען שווייגט —
איז איר פּנים פאַרבאָרגן.
דאָס היטל פאַרוקט ביז אַראָפּ.
און האַלט זיך
אין קעשענע צימער
פאַרשטעלט פון דער וועלט.

אַ צייט פון ניט שרייבן —
צו וואָס זיך ווייזן.
איר פּנים דערשיינט —
ווען זי גרייט זיך
צו שרייבן.

זי קושט דאָס פּאַפּיר
ווען זי שאַפט.

# אַ פּאַונטן־פּען

אַ פּאַונטן־פּען איז יום־טוב.
ווירדיק.
אינהאַלטפול.

זי שעפּט דערהויבנקייט פון קוואַל.
פון טיפן טינטער.

אַנגעצויגן זיך מיט תוך —
דערוויַיל געַנוג.
שפּעטער נאָך.

אַ פּאַונטן־פּען.

איר מינדסטער פּינטל איז עכט,
אפילו אַ שטריך.
גאַראַנטירט.

מען זעט, אַז זי מיינט וואָס זי זאָגט.

אַ פּאַונטן־פּען האַלט וואָרט.
געזאָגט איז פאַרפאַלן.

זי שרייבט לכתחילה אויף שפּעטער.

איר גייסט איז פאַראייביקט אין ביכער.
אין אַלטערטום־ספרים.

כתב־יד׳ן פון קדמונים.
גאונים...

זי שטאַמט פון די הויכע פעדערן.
אַן אות פון אַ פּען —
אַן עדות לדורות.

אין קרובה׳שאַפט מיט ספרי תורות.

פּען — חותם...

# אין דער אַלטער היים

אידן זאָגן נאָך: אין דער אַלטער היים.
— און די אַלטע היים — איז שוין נישטאָ.

אַמאָל איז דאָרט געווען אַ היים,
שטיבער זיינען דאָרט געווען,
אידן זיינען דאָרט געווען —
און אַ שול איז דאָרט געווען.

די וועלט איז דאָרט גמרא'דיק געווען.
אפילו הימל.
אפילו וואָלקן אויפן הימל האָט געשיפט זיך
אין גמרא'שע דמיונות.

אַ גאנצן טאָג די זון אין שטעטל
האָט גערוט גמרא'דיק.

יאָ...
תנו רבנן...
האָבן די רבנן געלערנט...

דאָס גמרא'דיקע טראַכטן
האָט געהויערט אויף די מויער,
האָט געפּויזעט אויף די הייזער,
האָט גע'זקנ'ט אויף די דעכער,
האָט גע'רחמימ'ט אויף ישראל,
האָט געאייביקט אויף ישראל,
אויף כל ישראל.

אַמאָל, אַמאָל — איז דאָרט געווען אַ היים.
און אידן זאָגן נאָך: אין דער אַלטער היים.

# אַ אידיש „פריילעכס"...

אוי זאָג מיר פריילעך שטיקעלע,
אוי דו אידיש שטיקעלע,
פאַרוואָס איך הער דיך שפּילן —
קוואַלט אין מיר אַ וויינען.
ביזט דאָך אַזוי הוליענדיק,
פאַרהוליענדיק און טוליענדיק,
דו שטיקעלע, אַנטיקעלע,
מיט אַלע טויזנט חן׳ען.

אוי זאָג מיר אידל פלייטעלע,
קאַרנעטעלע, דו פידעלע,
איר פּעשטשעט זיך אויף חתונות
מיוחס׳דיק און שיכור.
פאַרוואָס אַזוי פיל וויי‎עניש,
געשעעניש, געשרייעניש,
אוי דו האַרציק שטיקעלע,
צערייסט מיין האַרץ אויף שטיקער.

אוי זאָג מיר פריילעך זאַכעלע,
דו כליפּעסט מיט אַ לאַכעלע,
וואָס מאַטערט דיך, וואָס פּלאַטערט דיך,
וואָס צאַפּלסטו מיין חיות?
דו טופּעסט שוין יאָרהונדערטער,
פון דור צו דור פאַרוואונדערטער,
פאַרוואָס-זשע אַזאַ ציפּעניש
כסדר איבערנייעס?

דו וועקסט מיר אויף דערמאָנעניש,
אַ פלאָגעניש, אַ נאָגעניש,
פון טריבע לייט וואָס אַמפּערן
מיט טייפעלע זאַווייען.
איך זע מיין פאָלק אין יאָמערטאָל,
מיט אויגן צו „שמע ישראל״,
פאַריאָגענע, דערשלאָגענע,
אין מתים-טאַנץ זיך דרייען.

אוי זאָג מיר פריילעך שטיקעלע,
אוי דו אידיש שטיקעלע.

# די פראָצעסיע פון פאַפירן

גרויסע, ברייטע, אָפענע פאַפירן, צייטונגען צעשפרייטע.
זיי האָבן זיך געצויגן רייענווייז,
אין ברייטע שריינגען,
אויף דער גאַס פאַראַדנער.

אַלערליי פאַפירלעך זיינען גיריק און דערשיטערט
נאָכגעלאָפן.

די ערשטע אויבנאָנער, אין די פעדערשטע רייען —
האָבן זיך געפּאַרכטן,
זיך געפעדערט ערן־ווירדיק.

צעכראַסטעטע פאַפירן,
מיט די סטראַשנע גרויסע אותיות אין שווארצע ראַמען:

אידישע קדושים!

קרבנות פון די דייטשן!

אַ סך מיט רייען פון פאַפירן־אומה
אין דער אַלגעמיין געמיינדע,
מיט אַ אימה׳דיקן שאַרן זיך,
און שאַרשנדיק לויה׳דיק...

האָט זיך אויפגעפלאַטערט אַ פאַפירל
מיט אַ גרוים שליחות
צו אַ איינעם פון די פאָדערשטע פאַפירן.

האָט דער גרויסער אויפגעליאַרעמט
מיט אַ וויכטיקן פֿאַרזאָגן
איבער אַלע רייען די צעטומלטע.

אַ בהלה
מיט אַ מורא׳דיק געשאַלן פֿון פּאַפּירן פֿאָלק
פֿון אַלערליי קאָלירן
האָט זיך ברייט צעטראָגן
מיט אַ יאָמער „יענע וועלטיק״,
מיט אַ לויפֿן, מיט אַ פֿליען איבער דעכער
און נאָך העכער —

שמע ישראל !

# ווינענדיקע שיפן

אינמיטן נאַכט אַ רעש אין בלינדן רוים אריין.

אַ גרויס געשריי די הימלען אויפצואוועקן —
ראַטעוועט!

צו וועמען שרייען דאָרט די שיפן אויף די ים'ען?

אין די שטיבער שרעקט אַריין
דער ראַשיקער געשריי פון ווייטע ספערן
און די מענטשן ווערן עלטער מיט יאָרטוויזנטער —
ערשטע שבטים...

שיפן נאָר זיי קענען וויינען.
יאָמערן.
אַזוי ווי קעץ,
אַזוי ווי הינט,
אַזוי ווי לייבן.

שיפן ווייסן נישט פון לאַכן.

גלייך מיט אַלע חיות.
זיי רעווען.
שרייער אומגעהייער.

אויפגעשטאַרט די הויכע העלזער
אין דער פינסטערניש
און לעכצן נאָך דערבאַרעמקייט.

אוי, ווער וועט העלפן שיפן
אויף די וואַרפנדיקע וואַסערן אין חושך?

די שבטים אויף דער וועלט־יבשה
טוען גאַרנישט זיי צו העלפֿן.

איינגעגנורעט אין די היילן
און מען האָרכט די גרוילן פֿון די חיות־שיפֿן
צו די הוילע אומבאַגרייפֿטע הויכן.

# דער איד פון חומש

**(אַ פּאָעטישער פּאָרשטעל)**

באוויזט זיך אַ איד מיט אַ באָרד אין מיין הויז,
און זאָגט: איך קום פון חומש.

קוק איך אים אָן:
איר קומט פון חומש?

ענטפערט ער יאָ, בארוט און געמיטלעך:
טאַקע פון חומש.

פרעג איך אים איבער:
טאַקע פון אַלטן, פון אמת׳ן חומש?
„פרעה במצרים!"
„פרשה וישלח!"
„עולים ויורדים!"

שאָקלט ער דעם קאָפּ, יאָ, יאָ, יאָ,
פון עולים ויורדים.

כאַפּ איך צו וויסן:
איר זענט אַ מלאך?

קעמט ער די באָרד: פון וואַנעט איז געדרונגען?

זאָג איך, איר זאָגט דאָך:
עולים ויורדים!

מאַכט ער: וואָס מאַכט עס,
אַ איד צי אַ מלאך —
סע מאַכט נישט ווער.

זאָג איך: וואָס הייסט סע מאַכט נישט ווער?
ביי אייך איז דאָס זעלבע ער און דער?

זאָגט ער: יאָ, סע מאַכט נישט ווער,
ביי אונז איז דאָס זעלבע ער און דער.

אַ איד איז אַ מלאך;
באַלד נישטאָ —
שוין ווידער דאָ.
אַזוי אויפן וועג —
פון זינט דעם חומש.

געזעגנט זיך דער איד —
און איך שרייב אָן דאָס ליד.

# דער איד האָט צרות פון פאָלק

באַקלאָגט זיך אַ איד
אַ גרויסער אָרימאַן,
מיט אַ שלאַבעריק קול,
און קוים וואָס ער לעבט:

איך האָב אַ רחמנות
אויפן אידישן פאָלק,
סע רייסט מיר דאָס האַרץ.
איר גלויבט מיר, צי ניין —
סע דאַכט זיך מיר אויס,
ס'איז אַלעס שוין שוואַרץ.

איר הערט ווי איך רעד? —
סע טוט מיר וויי.
ס'איז פשוט גערעדט —
אַ גאָט'ס געשריי.
גענומען אַ פאָלק,
אַזאַ איידלס ווי מיר,
און מען יאָגט און מען פּלאָגט,
אָן אַ סוף, אָן אַ שיר.

וואָלט מען געמיינט —
ס'איז ערשט פון אַצינד!
מען שלאָגט שוין דעם איד —
פון זינט איך בין אַ קינד.

מען זאָגט כאָטש איך וויים —
מיר זיינען ניט קלוג.

מען זאָגט כאָטש איך ווייס —
ניט געלערנט גענוג.

קלוג, און געלערנט,
און וואָס דען ניט!
און וואו עפּעס וואָס,
איז שולדיק דער איד.

איר קוקט מיך אָן? —
איך שלאָף ניט קיין נעכט.
איך טראַכט נאָר פאַרוואָס
איז אונז אַזוי שלעכט.

מען זאָגט וואָס איז,
אַ איד איז רייך.
אָט זיינען מיר צוויי
קבצנים באַגלייך!

וואָס אָנבאַלאַנגט מיר? —
מען רעדט דאָך די וואָר,
שוין בעסער אַ שווייג.
סע קומט מיר פאָר —
דאָס פאָלק איז אַ וואַלד
און איך אויף אַ בוים —
אַ צעבראָכענער צווייג.

# תלמוד תורה לערער

אַ תלמוד־תורה פּנים.
אַ ליכטיקער, אַ כשר׳ער,
אַ רונדיקער, אַ צאַרטער.

פֿאַמעליכן,
לאַנגזאַם,
פּאַוואָליע.

קוים ער גייט — און קוים ער רעדט.
קוים ער רעדט.

ווער דאַרף יאָגן.
נישט געפּלאָגט — כדי פֿאַרטראָגן.
נישט געזאָגט — כדי זיך פּלאָגן.

פֿון וואָרט צו וואָרט — אַ בלויזער שטח,
לער,
אַ ליידיקער פּלאַץ.

ער גייט אויף נעכטן און רעדט אויף מאָרגן —
אַ וואַכזאַמער דרימל.
יאָ, ער לערנט לשון קודש.
אַ לערער.

ער האָט אַ לעסאָן דאַנערשטיק פֿאַרנאַכט —
פֿאַרלאָזט ער זיין צימער מאָנטיק ביי־טאָג —
דערגרייכט ער דעם תלמיד פֿרייטיק אינדערפֿרי —
פֿאַרהאַלט מען אים דאָרט אויף שבת.

יאָ, ער דיכטעט אידיש.
אַ ביכעלע דין, אַ ביכעלע דאַר,
ניט דאַגעגן — ניט דערפאַר —
ריין פון צער.

זיין הויפּט-טרוים — ים.
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

ווייטע ספערן
ווייטע ווייטן
צייטלאָז-צייטן
ווייטע וועלט
אַ ווייטע וואָר
אַ ווייטער מענטש.

תלמוד תורה לערער.

# דער איד מיטן פידל

אַמאָל האָט אַ אידל געהייסן אידל,
האָט אידל דאָס אידל געשפּילט אויף אַ פידל.

פידלט אַ לידל דאָס אָרימע אידל,
וואָס ער אַליין אידל באַזינגט אין אַ לידל.

בעט אים זיין ווייבעלע: ליבינקער אידל,
פידל דיין לידל מיט פאָדים און נידל.

מיר דאַרפן פרנסה, וואָס טויג מיר דיין לידל.
ווער מיר אַ שניידערל, זיי אַ גוט אידל.

לידלט דאָס אידל מיט האַרץ אויפן פידל:
דאָס לעבן איז ביטער, און זיס איז דאָס לידל.

זאָגט אים זיין ווייבעלע: שלעכטינקער אידל,
פידל דיין לידל — אַ מצה מיט רידל.

איך רעד צו דיר תכלית — באַרעכן זיך, אידל;
אַ ווינט אין דער מדבר — אַ אידל מיט לידל.

פידלט דער אידל זיין ליד אויפן פידל:
פון אַלע פרנסות געפעלט מיר דאָס לידל.

צאָרנט זיין ווייבעלע: אידל, דו אידל!
דיין ווייבעלע יאָמערט — און דו זינגסט אַ לידל!

ווײַנדלט און חנ'דלט דער איד אויפן פידל:
איך קען מיר ניט העלפן — מיין לעבן איז לידל!

אַזוי וועט דאָס לידל שוין בלייבן פאַרזיגלט :
דאָס ווייבעלע טענה'ט, דאָס אידעלע לידלט.

פידלט און לידלט דער איד מיטן פידל.
און מערער סע אידלט — אַלץ שענער דאָס לידל.

# עלטערע שוישפילער

עלטערע שוישפילער.
מאַן און ווייב —
„אַ גראַף״ מיט זיין „גרעפין״.

באַזעצט אין אַ שטעטל,
אַ שטילס און אַ שיינס,
אַ פאַרטראַכטס און אַ ריינס.

צעשיידט מיט דער בינע,
אַוועק פון דער סצענע,
געענדיקט דער מאַרק.

זיי שפּילן נישט מער.

זיי שפּילן נישט מער ?
זיי שפּילן !

די וועלט — זייער בינע,
די הייזער — אַ סצענע,
די גאַס — זייער מאַרק.

זיי שפּילן גייענדיק.
זיי שפּילן דאָ פאַרנאַכטיק.

די זון אין פאַרנויגן,
מיט ברייטן דערהויבן,
די וועלט שטאַרצט די אויגן.

זיי שטאָלצן צום וואַסער,
אויף שליאַכן פאַראַדנע —
באַלאַדנע.

געשלאַנקט מאַיעסטעטיש,
געשעצטע פּראָפּעטיש —
באַלעטיש.

זי שטעלט אָן די ליפּן,
אַזוי ווי צו פּייפן:
מיין גנעדיקער ליבסטער,
איך טו וואָס באַגרייפן.

די פייגעלעך פּישטשען,
ווי גלעקלעך — די טרעלע.
דערינערט מיין ראָלע:
עס יאָמערט איין זעלע.

דער „גראַף" בליקט צום הימל,
צו אהנען אַ רעגן.
ער נעמט איר דערקלערן,
מיט גרויסן באַוועגן:

דראַמאַטישע וואָלקנס,
מיט לויפיקע כמאַרע.
דערינערט מיין ראָלע:
דער שטראָם פון די יאַהרע.

מיר באַנגען צו הויזע,
געוויטערס פאַרמיידן.
דערמאָנט זי אים: ליבסטער!
איך בוינק נאָך די ליידן!

## צוויי בעקער

רעדן די אידן,
ביידע בעקער.
— נו, וואָס איז בא דיר ?
— בא מיר, איך וויים,
דו ווייסט דאָך.
— נו, און וואָס איז בא דיר ?
— בא מיר, מעגסט עס הערן,
מיין באָס...
ער מיינט איך בין קוילעטש,
מען קאָן מיך פלעכטן.
אָדער אַ בייגל,
מען קאָן מיך דרייען.
אַ בולקע בא אים,
מען קאָן מיך קנעטן.
ער זאָגט מיר אַנומלט :
גיי אַרונטער.
זאָג איך : ווער ?
זאָגט ער : דו.
זאָג איך : וואו ?
זאָגט ער : אין קעלער.
זאָג איך : וואָס ?
זאָגט ער : די מולטער.
ווער איך שוין דרייסטער,
און שטעל מיך אַוועקעט
אַזוי מיט אַ שולטער.
זאָגט ער : סטייטש !
נישטאָ קיין אַרבעט —
קריגסטו שכירות !

און קומט דער סעזאָן —
ווילסטו מערער?
זאָג איך: זאָגט מיר!
אַמאָל מיט אַ קלעטער —
פֿאַלט מען אַרונטער...
די שעה זאָל ניט זיין,
איך צי זיך אויסעט.
איז ווערמענס סעזאָן,
איך בעט אייך, פֿרעג איך:
אייער סעזאָן?
צי מיין סעזאָן?

אַזוי ווי ער הערט עס,
בלייבט ער שוין ווייכער,
ווי חלה אין וואַסער,
און שקראַבעט אַרויסעט
צוויי דאָלער
און גיט מיר.
גענומען צוויי דאָלער
און באַלד מיר געגעבן.
אַזוי זאָלן טאַקע
ביידע מיר לעבן.
געכאַפּט צוויי דאָלער
און גלייך מיר געגעבן.

אָ! צו אַ באָס
דאַרף מען האַלטן זיך פֿריי!

און ער הויבט דעם קאָפּ
אַזוי ווי אַמאָל
דעם ערשטן מאַי.

# ער וויל זיין אַ נביא

ער פילט — ער האָט אַ סך צו זאָגן,
ער ווייסט אַ סך פון אויפצוקלערן,
נאָר מען פרעגט אים ניט.

עס ליגט אין אים אַן אוצר,
נאָר סע זשאַווערט דאָרטן —
ווייל מען קומט ניט אויסצוגראָבן,
אַזוי טראַכט ער.

אַלע רעדן פולע עמער,
צעבערם ווערטער,
און מעלויצען די „פּאַלאַווע"
ווי להבדיל פּאַר בהמות.
און דעם „אמתן", דעם „ווייסער" —
דער וואָס „ווייסט" —

אים פאַרזעט מען,
אים פאַרשווייגט מען,
ווי ניטאָ אים.

איז אַ וואונדער וואָס אַזויפיל ליידן?
אַזוי טראַכט ער.

ער קען די וועלט דערפרייען —
ווען מען נעמט אים,
און מען הויבט אים,
און מען לויבט אים,
און מען יובלט:
דו ביזט אונזער!

קום, און נעם אונז!
קום, און פיר אונז!
קום!...

— — — — — — — — — — — —

נעמט די וועלט —
און נעמט אים נישט,
און הויבט אים נישט,
און לויבט אים נישט,
און פרעגט אים נישט,
און בעט אים נישט,
און זעט אים נישט,
און גאָרנישט.

איז אַ וואונדער וואָס אַזוי פיל לײדן?
אַזוי טראַכט ער.

ער דרייט זיך אום פאַר זײערע־אויגן!
און דער עולם שרייט:
וואו איז היינט דער פירער?
וואו איז היינט דער דיינקער?
וואו איז היינט דער נביא?
וואו איז היינט, דער?...

— גיי, זאָג: איך — בין דער...

איז אַ וואונדער וואָס אַזוי פיל לײדן?
אַזוי טראַכט ער.

אומעטום געפינט זיך אַזאַ איינער.

## דער איד מיט דער באָרד

טרעפט איר אַ אידן מיט אַ באָרד —
איך מיין אַ בערדל,
אַ פיין בערדל,
אַ שיין בערדל,
אַ שפּיציק בערדל,
אַ צאַצקע־בערדל —
ווייסט: דער איד מאַכט אַ לעבן.
ווי אַזוי?
וואָס הייסט ווי אַזוי?
ער האָט אַ באָרד, איך מיין אַ בערדל,
אַ פיין בערדל,
אַ שיין בערדל,
אַ שפּיציק בערדל,
אַ צאַצקע־בערדל —
מאַכט ער אַ לעבן.

אַ פיין לעבן,
אַ שיין לעבן,
אַזוי ווי זיין באָרד —
איך מיין: זיין בערדל.

האָט ער אַ ווייב? —
ער האָט אַ ווייב.

האָט ער אַ קינד? —
ער האָט אַ קינד.

וואו־זשע נעמט ער,
ווער־זשע גיט אים,
וואָס־זשע טוט ער,
ווי־זשע לעבט ער?

פרעגט נישט איבער.

אפשר מאָלט ער אַלטע שטיבער,
אפשר שפרינגט ער איבער גריבער,
אפשר קעמפט ער מיט אַ טיגער.
אפשר פון „בצרכי ציבור"...

איך טרעפט אַ אידן מיט אַ באָרד —
איך מיין: אַ בערדל.
אַ פיין בערדל,
אַ שיין בערדל,
אַ שפיציק בערדל,
אַ צאַצקע־בערדל —
ווייסט: דער איד מאַכט אַ לעבן.

# „חזנים"

ווער סע וויל נאָר זינגען —
מאָלט פֿאַר זיך אַן עמוד,
מיט אַ הויכן אויפֿשריפֿט:
איך בין דאָ אויף תּמיד.

יעדער בעל מנגן,
מיט זיין אייגן מחזור.
איינער לויטן „ווילנער",
איינער לויטן „זבאַרזשער".

קומט אַ גרויסער חזן,
מיט אַ דינעם זשומען:
מיין נגינה, זאָגט ער,
טראָג איך אויפֿן גומען.

טענצלט אום אַ נייער,
גאַרנישט צו באַגרייפֿן:
מיינע קלאַנגען, זאָגט ער,
פֿלעכט איך דורך מיט שטרייפֿן.

טענה'ט אַ בעל תּפֿילה,
אָן אַ קול אינגאַנצן:
מיינע תּפֿילות — „זאָג איך",
גאָט, דערהער מיין קרעכצן.

שטאָלצט אַן אָבער-קאַנטאָר,
מיט אַ מיץ פֿון פּויפּסטן:
איש, באַשפּרעך, דאָס גלאָובן,
ווינעריש דערהויבסטן.

יעדער בעל מנגן,
וויל צו גאָט דערלאַנגען.
מיט די גאָמעס זשוואָוועס,
מיט די פּחד-קלאַנגען.

הינטער יעדן חזן,
שטייט אַן עדה אידן.
אַזוי ווי די חזנים,
זיינען זיי פאַרשידן.

ציקלט יעדער חזן,
אויסצונעמען שענער.
נאָר די עדה אידן —
ווערן קלענער, קלענער.

איינער ציילט אַ מנין,
און אַ צווייטער זיבן.
און אַ טייל חזנים —
אויף דער גאַס געבליבן.

אויסגעטראַכט אַ מעשה —
כלומרשט פון חזנים.
און עס מיינט גאָר אַלע —
שרייבער מחותנים.

# דער נייער ביזנעסמאַן

דין איז ער דין, און דאַר איז ער דאַר,
הויך איז ער אויך, און שטאַרט מיט אַ צער.

— מאַכט איר אַ לעבן?
אַ בויג איין דאָס קעפּל,
אַ מאַך צו די אויגן,
— איך וויים דאָרט, מען מאַכט.

איך האַנדל מיט העמדער,
מיט טיכלעך, מיט זאָקן,
מיט אַלץ וואָס מען טראָגט —
און סע גייט.

— איר האָט אַ געשעפט?
— וואָס דאַרף איך געשעפטן?
מיט יאָכן, מיט זאָכן,
מיט זאָרגן אויף מאָרגן!

— פירט איר אַ פּושקאַרט?
— וואָס דאַרף איר אַ פּושקאַרט?
מיט שלעפּן, מיט שטופּן,
צעברעכן דעם רוקן!

— טראָגט איר אַ פּעקל?
— וואָס דאַרף איך אַ פּעקל?
זיך יאָגן און פּלאָגן,
די כוחות דערשלאָגן!

איך נעם אַ באַשטעל,
אַ באַשטעלונג, אַן אָרדער,
און נעם אַנאַדרויף אויף דאַרויף,
און אַ סוף.

וואָס שייך מיט סחורה?
איז ענטוועדער אָדער:
אָדער מען גיט מיר דאַרויף נאָך אַ קוואָדער,
פאַרשרייב איך: דערהאַלטן אַ האַלבן צום אָרדער.

אַניט זאָג איך: מיסטער,
דערצאָלט מיר ניין פופציק.
דערלייג איך אַ קוואָדער, און שיק אייך אַן אָרדער
פאַר גאַנצע צען דאָלאַר.

איז ענטוועדער אָדער:
אָדער מען גיט מיר דאַרויף נאָך אַ האַלבן,
פאַרשרייב איך: דערהאַלטן
אַ האַלבן צום קוואָדער.

אַניט זאָג איך: מיסטער, באַצאָלט מיר אַ קוואָדער.
פאַרשרייב איך: דערהאַלטן
אַ קוואָדער צום קוואָדער.

דערווייַלע אַן סחורה —
מאַך איך אַ לעבן.

# אַ היטלמאַכער רעדט מיט אַ קצב

איינער אַ מאַן — פאַרקויפט ער פליישן —
הייסט ער פליישמאַן,
פירט אַ געשפּרעך מיט איינעם אַ מאַן —
אַ היטלמאַכער —
הייסט ער הוטמאַן.

מאַכט אַזוי דער מיסטער הוטמאַן
צו דעם פליישמאַן:
איכ׳ל אייך זאָגן — זאָגט דער הוטמאַן
צו דעם פליישמאַן:

איך זאָג: אַ קאָפּ באַדאַרף אַ היטל —
אַזוי ווי אַ קריינק באַדאַרף אַ מיטל.

איך זאָג: אַ מענטש וואָס טראָגט אַ היטל —
אַזוי ווי אַ בלום וואָס האָט אַ ריטל.

איך זאָג: אַ איד וואָס אָן אַ היטל —
אַזוי ווי אַ רב וואָס אָן אַ קיטל.

רופט זיך אָפּ דער מיסטער פליישמאַן
צו דעם הוטמאַן:
איכ׳ל אייך זאָגן — זאָגט דער פליישמאַן
צו דעם הוטמאַן:

וואָס מיר מיטל,
ווער מיר ריטל,
ווען מיר קיטל.
— איר דרייט אַ היטל.

גיט זיך אַ זאָג דער מיסטער הוטמאַן
צו דעם פליישמאַן:
איכ׳ל אייך זאָגן — זאָגט דער הוטמאַן
צו דעם פליישמאַן:

איך — מיט היטלען — הייס איך הוטמאַן.
איר — מיט פליישן — הייסט איר פליישמאַן.
וויל איך אייך זאָגן —
זאָגט אים הוטמאַן:

יעדער פאַך —
מיט זיינע זאַכן.
יעדער מענטש —
מיט זיינע מאַכן.

איך — אַ הוטמאַן —
דריי איך אַ היטל.
איר — אַ קצב —
דרייט איר אַ ביקל...

# דריי אידן רעדן פּאָליטיקע

— !אוואַדע וועט אַמעריקע געווינען
,שניידט אריין אַ איד די אָפענע האַנט אין לופט
.ווי מען שניידט אַ גאַנצן לעקעך

!עס קען דאָך נישט זיין כסדר וואָך
!די וועלט מוז האָבן יום־טוב
!קיום העולם

,אָבער וואו איז דער שׂכל — וויל ער פאַרשטיין
?וואָס „יענער" האָט גאָר זיך אָנגעפאַנגען מיט אַמעריקע

"אַמעריקע וועט דאָך מאַכן פון „יענעם
— און ער ווייזט מיט די פינגער
.ווי מען פראַשעט אָפּ אַ שמעק טאַבאַק

..?איז וואו דער שׂכל פון יענעם

: הערסט עפּעס — פרישט זיך אויף דער צווייטער —
,אָט דאָס איז דאָך דער שׂכל פון אונזער רבונו של עולם
,וואָס ער האָט צוגענומען דעם שׂכל פון יענעם
,און אין אים אַריינגעגעבן אַ נאַרישן שׂכל
... !זיך צו פאַרטשעפּן מיט אונזער אַמעריקע

?וואָס דען, מיינט איר, הייסט ער רבונו של עולם
,גלאַט אַזוי אין דער וועלט אריין וועט נעמען אַ וועלט
?און זיך איינרעדן אַ רבונו של עולם

— דער ענין איז נאָך טיפער —
: מישט זיך אריין דער דריטער איד

אזוי ווי די ישועה איז שוין נאָענט,
און די וועלט דאַרף פּטור ווערן פון אַלע די רשעים,
וועט מיט גאָט׳ס הילף אינדערגיך —
קומען משיח.

איצט פאַרשטייט איר שוין?
אָט דאָס איז דער אמת׳ער שכל.

אמן! — ענטפערן ביידע אידן,
און זיי קוקן אַרויף צום הימל:
פון אייער מויל — אין גאָט׳ס אויערן!

# די „ליידי״ ווײנט לכבוד פסח

א שפייז־קראַם,
ווייבער,
בייטאָג ערב פסח.

ביי איינער פון די ליידים
באַלעפּצן זיך די אויגן.
זיי טוקן זיך ווי בליצן.
זיי וואַשן זיך צום ווײנען.

דאָרטן גרייט זיך אויף א שטורעם,
אויף א פליוכיקן געוויטער,
נישט קוקנדיק דאָרונטער,
וואָס די אידענע טראָגט הויזן.

די ווייבער אין די פלודערן,
מיט די צירקישע געפאַרבן,
מיט די מענערשע געשטעלן,
טרייסטן איר „מאָדערנע״.

זאָגן איר די ווייבער:
זיי א ספּאָרט!
דאָנ׳ט טעיק טו יור האַרט!
נעם זיך ניט צום האַרצן.
מען נעמט עס דען אַליין?
די סעים וויט האָל די בויטשיקעס,
אַלע מוזן גיין!

מלחמה!

נאָר די „יענקערישע״ דאַמע,
מיט די טרערן פון א מאַמע,

*

בליאַסקעט אין די פּנים'ער,
און „שילדערט" אירע ליידן,
מיט דער „עברי־טייטש" אויף ענגליש:
אוי, ווהאַט דו יו מין?
אוי, ווהאַט דו יו מין?

וואָס הייסט איך זאָל נישט נעמען?
וואָס זאָגט איר מיר נישט נעמען?
איך נעם עם דען אליין?
אַי טעיק מאַיסעלף?
איט טעיקס איטסעלף!

דאָס סאַמע בעסטע קינדעלע
פון אַלע מיינע קינדערלעך —
אַ סיילאָר אין פּאַסיפיק.
אַ וואונדער וואָס איך וויין?

טו־נאַיט ווי העוו די פּייסעך.
הו וויל דרינק די קאָניאַק?
הו וויל טייסט די קוגל?
הו וועט עסן כ־כ־כ־כרעמזלעך?

זי כליפּעוועט און צעברעוועט,
מיט קוואַלן וואָס זי זשעברעוועט,
מיט ליפּעלעך און פּיסקעלעך,
גע'חנ'דלט און מאַניעוורעוועט.

— קליידל, צי הויזן,
„אידענע", צי „דאַמע".
זאָרג פון קינדער —
וויינט די „מאַמע"...

# די פרומע אשה

זי זיצט נעבן מיר אויף אַ באַנק ביים ים.

אַ רונדע, אַ פולע, אַ גרויסע, אַ פעסטע,
אידישע אשה.

אַ וואַרימער בייטאָג.
ליב אַ מחיה.

די אשה דערנעבן איז בייז אויף אַ אשה,
וואָס טאַפּטשעט אין זאַמדן
מיט רונדע, באַוואָגיגע, נאַקעטע קניען
און פעטענקע קלאַיען.

זי רעדט אויף דער אשה מיט חוזק אַ פּיסקל:
— קוקט זיי אָן...
(זי זאָגט אויף איר — „זיי").

פרעג איך דער פרוי נעבן מיר, וואָס איך קען נישט:
איר קענט איר?
חנ'דלט די אשה:
איך דאַרף איר נאָך קענען?

נעבאַי וואָלט איך זען — כאָטש איינע איז בעסער,
קיינע.
אַלע ווי איינע...

היינטיקע ווייבער.

סע ווייסט ניט קיין שאַנדע,
סע ווייסט ניט קיין בושה,
די היינטיקע אשה.

אמאָליקע יאָרן — צעפּירט זיך די אשה;
געזאָגט אַן „אשה" —
געמיינט אַ בושה.
וואָס עפּעס „אשה"?
געזאָגט אַ ווייב, געזאָגט אַ פרוי, גערופן איר „זי"...

צו זאָגן אַן "אשה" — אמאָליקע יאָרן —
אַזוי ווי צו זאָגן אויף גויעש „מאַרוסיע."

ווייסט אַ מאַרוסיע פון עפּעס אַ בושה? —
אַזוי היינט די אשה.

אַט גייט זי צעפּאַטעלט אינגאַנצן די „אשה".
נאַקעט פון אויבן, אַראָפּ אין דער נידער.

זי ווייסט ניט פון בושה
די היינטיקע אשה.

זי דרייט מיט'ן קאָפּ אויף ניין און ניין:
אמאָליקע יאָרן אַזוי נישט געווען.
ניין! ניין!...

# אַ איד רעדט אידיש

אַ איד וואָס שעמט זיך מיט אידיש —
אַ איד וואָס רעדט נישט קיין אידיש —
פאַרלייקנט דאָס אידישע לשון,
פאַרטיליקט דעם אידישן ספר,
באַליידיקט דעם אידישן שרייבער.

אַ איד איז אויף אידיש —
צו גלייך „לשון קודש",
ניט אויף גוי'איש.

דאָס אידישע פאָלק איז פאַראייביקט —
אין ביכער אויף אידיש.
אין ספרים „לשון קודש".
זיין פרייד, זיין וויי —
איז פאַרזיגלט אין זיי.

אַ איד רעדט אידיש.

אַ איד, וואָס שעמט זיך מיט אידיש —
אַ איד, וואָס רעדט נישט קיין אידיש, —
ער רעדט נאָר גויעש —
ער מעג זיין דער שעף פון גרוים „זייאָניזם" —
פילט נישט דעם צער פון דער אידישער אומה,
באַנעמט נישט די פרייד פון דער אידישער אומה.

ווי קען ער דערפילן?
ווי קען ער באַנעמען?

ער רעדט ניט דאָס לשון,
ער לעבט ניט דאָס לשון.

ער הערט ניט דעם „אוי" פון דעם אידנ׳ס געפּאַרן —
ווי קען עס אים אַרן?

דורות׳דיק אַרן.
אידישדיק אַרן.

אַ איד אין אַ צרה — שרייט: גאָט!
ער שרייט ניט — האָ, לאָרד!...

אַ איד, וואָס רעדט ניט קיין אידיש, —
פאַרשעמט פאָלק ישראל.

**אַ איד רעדט אידיש.**

## וועלט־פּאָליטיק אויף אידיש

די וועלט, אַזוי — איז נישט אַזוי.
נישט אַזוי — איז אויך נישט אַזוי.
נישט אַזוי! און נישט אַזוי! —
ווי אַזוי־זשע? — ווי אַזוי?

איז אַזוי:
אַזוי — איז טאַקע נישט אַזוי.
נישט אַזוי — איז אויך נישט אַזוי.
אָבער לאָזן אַזוי — איז אויך נישט אַזוי.

# זלמן און אוריש

1.

זלמן דער אלמן און אוריש דער גרוש
זיצן אין פּאַרק און שמועסן.
דערמאָנט זיך זלמן און שאָקעלט דעם קאָפּ,
אַזוי ווי מ׳דאַווענט:
די אַלטע היים, אויף יענע זייט ים...
ווער סע דערמאָנט זיך אַמאָל אַ פרילינג...
דאָס האָפן אליין — האָט געבלענדט ווי אַן אוצר.
היינט אַ פרילינג, ביי מיר ניט די ווערט
אפילו אַ שילינג.
און וואָס נאָר פרילינג — נעמט אַן אָסיען.
אַמאָל האָט אָסיען געהאַט אַ זינען.
וואָס, מיינט, אָסיען? — רינען און שווימען...
אַראָפּ מיט אַ פליוכע —
אַזוי ווי די מערכה...
היינט אַ, אָסיען — אַ גרויסע „מעצאַצע״...
ס׳האָט מיר אַ פּנים היינט דער אָסיען —
אַזוי ווי אַ צילינדער אויף דער אַלטער דוואָסיע׳ן...
דערמאָנט זיך אוריש און שאָקלט דעם קאָפּ,
אַזוי ווי מ׳דאַווענט:
די אַלטע היים, אויף יענע זייט ים...
ווער ס׳דערמאָנט זיך אַמאָל אַ ווינטער...
אַוועקגעשטעלט ווינטער — געשטאַנען אַ ווינטער...
היינט אַ, ווינטער, עטוואָס וואַרעם —
פאַלט ער אַרונטער...
און וואָס נאָך ווינטער — נעמט אַ זומער.
אויף יענע זייט ים...
אַזוי רעדן אידן מיט גרוים באַדייטן,
פון אַלטע געשטאַלטע „גוטע״ צייטן...

# זלמן און אוריש

2

איינער הייסט זלמן,
דער צווייטער הייסט אוריש.
איז זלמן אַן אַלמן,
און אוריש אַ גרוש.

זיצן זיי ביידע,
אין פּאַרק אויף אַ באַנק,
און זיי ריידן.

רופט זיך אָפּ זלמן,
זלמן דער אַלמן:

— אַמאָל מיינט אַ מאַן
אַן עק, אַ סוף.
כאַטש זעגן זיך אָפּ
און גיב אַלץ אויף.

— ער דאַרף אַ דאָלער
נו, וואו נעמט מען.

— ער בענקט נאָך ליבע
נו, וואו קריגט מען.

— ער וויל כאַטש פאַרגעסן
נו, ווי קען מען.

— וואָס ער וויל
סע גייט נישט.

רופט זיך אָפּ אוריש,
אוריש דער גרוש:

געהערט אַמאָל רעדן
אַ פרוי צו אַ פרוי.
איר ווייסט דאָך אַ פרוי —
רעדט זי אַזוי:

אַמאָל מיינט אַ פרוי —
אַן עק, אַ סוף.
כאָטש זעגן זיך אָפּ,
און גיב אַלץ אויף.

זי דאַרף אַ דאָלער —
נו, וואו נעמט מען.

זי בענקט נאָך ליבע —
נו, וואו קריגט מען.

זי וויל כאָטש פאַרגעסן —
נו, ווי קען מען.

וואָס — זי וויל —
סע גייט נישט.

פּאָטאַקעוועט זלמן,
זלמן דער אלמן:
וואָס איז דער חילוק,
אַ מאַן — צי אַ פרוי —
אוי, איז אוי...

# דאָס אידישע פאָלק

ציוניסטן ווילן אלע אידן.
קאָמוניסטן ווילן אלע אידן.
סאָציאַליסטן ווילן אלע אידן.
אַנאַרכיסטן ווילן אלע אידן.
אַלע — ווילן אַלע אידן.

זאָגט דאָס פאָלק:
אַזוי ווי די וועלט — אַזוי בין איך.

די וועלט איז אַזוי:

אַביסעלע ערד, אַביסעלע וואַסער,
אַביסעלע לופט, אַביסעלע פייער,
דאָס רעשטע — זאַמד...

אַזוי בין איך — זאָגט דאָס פאָלק —
אַזוי ווי די וועלט.

אַ פלאַנץ ציוניזם,
אַ שטראַל קאָמוניזם,
אַ שפּריץ סאָציאַליזם,
לופט אַנאַרכיזם,
דאָס רעשטע — זאַמד.

פון אַלץ צו ביסעלעך — זאָגט דאָס פאָלק.
אַזוי ווי די וועלט — אַזוי בין איך.

ווינד און ווייַ וואָלט זיין אַ וועלט
פון גאַלע פייער, גאָלע וואַסער,
גאָלע שטויבן, גאָלע לופטן.

אַביסעלע אידיש, אַביסעלע העברעאיש,
אַביסעלע רעליגיע, אַביסעלע פרייע,
דאָס רעשטע — זאַמד.

דאָס אידישע פאָלק, וואָס איז אַלט ווי די וועלט —
איז קלוג ווי די וועלט.

# יונג

וואָס איז יונג?
—אַ קאַכעדיקער סאַמאָוואַר.

זידט.
גליט.
בריט.

ער טענצלט — שטייענדיקערהייט.
ער טרייסלט זיך פון פרייד.
שוואונג — שפרונג.

דורך און דורך געזאַנג.
דורכוים פאַרלאַנג.
געדראַנג.
בלויז ברויז.

זיין „איך" איז איבערפילט מיט „זיך".
ער איז אויסערזיך פון צופיל איך.
דאָס לעבן פליסט אַריבער איבער זיינע ברעגן.

ער וויל אַרויף.
ער וויל אַרויף פון סאַמע סוף.

זיין גלוסט — פאַרלוסט.
וואָס מער פאַרלוסט —
אַלץ מערער גלוסט.

אַ שטוים אַרוים — אוים.
אַ רגע בלויז — און ווידער ברויז.

זיין פרייד איז פייער.
פייער שאַפט דאָס לעבן
נאָכאַנאַנדער נייער.

זיין פּאַטאָס — פּאַרע.
פּאַרע־כמאַרע.
וואַלקן.
שטורמיש־היים.

ער וויל נישט וויסן „מאָרגן".
נישט אפילו „שפּעטער".
היינט!

אפילו באַלד — איז באַלד צו שפּעט.
שווין! — לוין.
וואָרום?
— ער היצט — איצט.
— ער צינדט — אַצינד.

זיין געבאָט איז זאָט:
אָט.

אים איז ווייניק סאַמאָוואַר.
— אַ רעזערוואַר.
— אַ וואַסערפאַל.
אַ ברויזנדיקער קוואַל.

אליין אַ פּאַנטאַן
אין זיין אייגענעם פּאַראַן.
דאָס איז יונג.

# אַמאָל געווען אַלטיטשקע...

אַמאָליקע אַלטיטשקע פלעגן אָפט טראַכטן:
אַז איידער מען טראַכט — דאַרף מען גוט זיך באַטראַכטן.
מען דאַרף זיך דערטראַכטן צו עפּעס אַ טראַכטן —
מען זאָל שוין ניט דאַרפן מער טראַכטן און טראַכטן.

דאָס איז ירושה — דעם זיידנס אַ קנעפּל.
און דאָס איז דער באָבעס — אַ מזלדיק בענדל.
זיי ליגן דאָס קניפּל צוריק אינם טעפּל.
פון אייביקייט וועגן — איז יעדעס אַ רענדל.

אַ שטויב פון אַמאָל — איז בריליאַנט צו געדיינקען.
אַ טרער פון אַמאָל — קאָן דער ים ניט פאַרשווייגקען.
אַמאָל בלויז אַ רגע — אויף יאָרן צו בייגקען.
אַמאָל בלויז אַ וואָרט — איז אַ ספר צו דיינקען.

פאַרזאָרגן אויף מאָרגן — ביי זקנים אַ גלויבן.
פאַרריכטן אַ כלי — פאַרלייגערן לעבן.
וואָס עלטער דער מלבוש — אַלץ מערער דערהויבן.
עס וועט נאָך זיין יאָנטעוו — מען וועט נאָך דערלעבן.

זיי פּויקן מיט פּויסט אויף אַ זייגער פון אייזן.
צו טרעפן פון קלאַנג — אויף ווי לאַנג ער קאָן האַלטן.
ס'איז ווייניק די נייקייט פאַר לייטן צו ווייזן.
דער עיקר דאָס בלייבן — מיט כוחות — באַהאַלטן.

אין אַלע געשפּרעכן — באַשפּרעכט מען דאָס לעבן.
מען לערנט דעם איצט — לויט אַמאָל איז געוועזן.
זיי שווינען זיך שטילענקערהייט — אין דערנעבן.
דאָס לעבן זאָל דינען — צו ווערן גענעזן.

אַ גלעזעלע וואַסער — „מטל השמים".
אַ רייפּטעלע ברויט — נאָך געשמאַקער פון פלאָדן.
זיי שאָקלען זיך פרום — ווי מען ווינטשט ביי „לחיים":
מיר זאָלן נישט וויסן שוין מער פון קיין שאָדן.

די אַלטיטשקע טוליען אין רואיקן מונטער.
זיי האָפן, מיט זיי — וועט נאָך זיין און פּאַסירן.
די וועלט זאָל נאָר ווערן אַביסל געזונטער.
— ערשט דאַן וועט מען נעמען די הענט זיך צעפירן.

# נעכטן

נעכטן דרייט זיך אום אַ נעכטיקער.

וואָס אויף אים די שמחה,
טאַקע,
וואָס.

אַ געוועזענער.

ווי לאַנג איז דאָס געווען ?
ערשט נעכטן.

געלעבט מיט יעדער רגע׳לע,
געוואוסט פון אַלע ווינקעלעך,
געהאַט אַ וועלט.

וואָס קומט אַרויס „געהאַט" —
מען דאַרף עס „היינט!"

און ער — איז נעכטן.

ווייניק אים צו טרייסטן,
טאַקע,
וואָס.

ווידער ווערן היינט ? —
אַ נעכטיקער טאָג.

מאַכן זיך ניט ווייסן
און האַלטן זיך ווי היינט? —
חוזק.

רימען זיך מיט נעכטן? —
וועט אייערנעכטן לצ'ן:
אַ שיכור'ער פון נעכטן —
דאַכט זיך אים, ס'איז איצטער.

דער אמת איז דער עיקר,
מיט יעדן מאָרגן ווייטער —
אַ הינטער אין צוריקער.

**נעכטן.**

# תחית המתים

ווען משיח וועט קומען —
און די מתים וועלן אויפשטיין —
וועט עס זיין פאר זיי א חידוש:
אזוי — שנעל!...

ערשט נעכטן זיך אוועקגעלייגט —
און שוין תחית המתים!

אזוי וועלן פליסטערן איינער צום צווייטן
די אבות פון חומש,
די נביאים פון פסוק,
די תנאים פון גמרא,
און אלע די מתים פון באלד נאך „בראשית".

ערשט נעכטן זיך אוועקגעלייגט —
און שוין דא משיח!

א ווײלענקע א דרימל — און שוין שטיי אויף.
אזוי — שנעל!
אזוי — שנעל!

און אלע די טויטע זינט רש"י און רמב"ם —
שטייען פארכאפטע
און הויבן די אקסלען:
וואס — זאלן מיר — שוין זאגן?
צוציקעס מתים, יונגע שנעקעס.
פארמאכט נאר די אויגן —
צעטראגט זיך א שאלן פון שופר של משיח:
טויטע!
שטייט אויף צו תחית המתים!

„אזוי איז געווען", דערציילן די מתים
אָבער־און־ווידער:

פאַרמאַכט נאָר די אויגן —
באַווייזט זיך אַ בשורה מיט גרוים איבערראַשן
און סע ווערט אַזוי ליכטיק:

טויטע! שטייט אויף צו תחית המתים!

אַ מאַך־צו די אויגן —
איז דאָ משיח!
געדויערט אַ גאַרנישט!...

און אַלע די טויטע
פון לעצטן יאָרהונדערט —
פרעגן פאַרוואונדערט:

מען זאָגט: „געשטאָרבן" —

וואָס — מיינט — „געשטאָרבן"?...

אַזוי וועט זיין — ווען משיח וועט קומען.

# גיי מיט אים פּאַוואָליע

זעסט דעם מענטשן ?
גוט, וואויל, שיין, פיין,
ליב און איידל.
אַ געלערנטער,
אַ חכם,
אַ בעל צדקה,
אַ בעל יועץ,
אַלע מעלות.

— גיי מיט אים פּאַוואָליע.

וואו מען גיט אַ צי — צערייסט זיך.

וואו מען גיט אַ בויג — צעברעכט זיך.

אַ ליאַדע שאָקעלע — צעפאַלט זיך.

דאָ אַ רירעלע — צעצאַמט זיך.

דאָרט צעפלאַמט זיך.

נאַקעטע עלעקטריק —

היט זיך !

שאַץ אים אונטער
בלויז אַ טרעפּעלע אַרונטער —
מיינט ער זיכער —
האָסט אים שוין אַראָפּגעשליידערט
זומפּעדיק אַרונטער.

ברויזט ער איבער
מיט אַ שנאה הויך אַריבער,
ווי אין שטאַרקן פיבער.
און ער וואַרפט דיך באַלד אַרונטער
אין דעם טיפסטן אונטער־גרונטער ...

ווייסטו ווער?
ער.
טאַקע דער וואָס שיין און פיין,
וואָס ליב און איידל,
דער געלערנטער,
דער חכם,
דער בעל צדקה,
דער בעל יועץ.
אַלע מעלות...

— גיי מיט אים פּאַוואָליע.

## פאַרשידענע מענטשן

א קהל'שער מענטש —
מאַכט חוזק פון „איך":
א וועלט שרייט געוואַלט —
זאָגט איינער, הערט „מיך".

דער איינצלנער מענטש —
איז ריכטיק ביי זיך:
אויב הערן „א וועלט" —
פאַרוואָס אויך נישט מיך?

א נאַרישער מענטש —
איז ריזיק ביי זיך.
ער ציט זיך אַרויף —
צו גרייכן זיין איך.

א חכם א מענטש —
קוקט „שעלמיש" אויף זיך:
אַט כאַפּ איך און לויב
אַזאַ יאָלד ווי מיך.

א טראַגישער מענטש —
אַנטלויפט פון זיין איך,
און וואו נאָר ער קומט —
געפינט ער בלויז זיך.

א פריילאַכער מענטש —
איז מונטער ביי זיך:
ווי טרויעריק מיר איז —
פאַרמאָג איך נאָך „מיך".

אַ רשע אַ מענטש —
האָט חוצפּה אין זיך.
ער משפּט די וועלט —
לויט זיין אייגענעם איך.

אַ צדיק אַ מענטש —
דערהויבט דעם איך:
אַז ווער איז די וועלט? —
אַזעלכע ווי איך.

פאַרשידענע „איך",
פאַרשידענע „מיך".
נאָר יעטווידער מענטש —
מיט איך און מיט זיך.

# אידישע קאָנפערענצן

שרייב פון „אידיש", פון „קולטור" —
דער עולם וויל נישט הערן.
באַשטימט מען ווידער „חודש מאַי" —
דעם עולם אויפצוקלערן.

מאַכט מען פּלענער, וואָס צו טאָן,
דאָס פאָלק זאָל וועלן הערן;
און אויך די אַלע רייד דערפון,
וויל קיינער נישט דערהערן.

באַשווערט זיך יעדער שטילערהייט,
דאָס שרייבן אויפצוהערן:
אז קיינער הערט נישט מיינע רייד,
צו וואָס זאָל איך זיך הערן?

מען זאָגט זיך אָבער אינדערמיט:
וואָס הייסט דו ווילסט נישט הערן?
אַז הערן וויל דיך קיינער ניט,
פאַרוואָס זאָלסטו זיי הערן?

און גלייך ווי גאַרנישט וואָלט געשען,
עס קאָכט זיך מען זאָל הערן.
מען שרייבט פון „אידיש", פון „קולטור" —
און קיינער וויל נישט הערן.

פאַררופט מען ווידער אויף דאָס ניי,
אַ קאָנפערענץ צום הערן:
מען צאָרנט דאָרט אַמאַי, אַמאַי,
וואָס הייסט נישט וועלן הערן?

נאָר ביז צום סוף פאַנאַנדערפאַל,
און אַבסאָלוט צעשטערן —
באַשטימט מען גרינדן אַ זשורנאַל,
און דאָרטן אַלץ דערקלערן.

מיר ווערן דאַ די גרינדער שוין,
צוליב דעם יאָך, דעם שווערן.
און וואָס איז שייך אונזער לוין —
מיר ווילן גאָרנישט קלערן.

אַצינד די פראַגע וועגן געלט,
מיר מוזן האָבן רערן...
דערווייַלט מען פאָרער אויף דער וועלט,
צו צאַפּן און צו נערן.

פאַרשווינדט אַזוי אַ חודש דריי,
מיט יאָמער און מיט טרערן.
נאָר סיי־ווי־סיי איז נישט כדאַי,
דער עולם וויל נישט הערן.

אַ קאָנפערענץ שוין ווידער גרויס,
דעם עולם צו דערקלערן:
מיר זאָגן קדיש! — אידיש אויס!
**דאָס פאָלק מוז קומען הערן!**

באַווייזן זיך די גרינדער דאָרט,
די אויגן „גרייט" מיט טרערן.
באַגלויבט דאָס פאָלק זיי אויפן וואָרט,
און קיינער קומט נישט הערן.

# רייך און אָרים

(10 לידער)

## דער רייכער

דער רייכער איז דעם קבצן
אַפּט מקנא:
אַ מזל פון אַ קאַבצעניוק —
אים איז גוט.

וואָס פעלט אים וואָס?
וואָס גייט אים אָפּ?
די שיפן זיינע אויפן ים?
די שעפער זיינע אין אַ סטרייק?

ער פילט אַפילו ניט דעם יאָך —
פון צאָלן צינז.

אַ פרייער פויגעלע אין פעלד.

אַ כאַפּל דאָ, אַ לאַפּל דאָרט —
ער קומט שוין אויס.
אָט זעט איר דאָך —
ער לעבט...

—אָבער נעמט אַן אונזערן,
אַ מענטש... אַ שטייגער מיך,
מען רעדט דאָך אָפּן...
מיר איז שלעכט —
פאַרשטייט זיך, אויף אַן אַנדער אופן...

אָבער שלעכט.

איך פאַרמאָג שוין אַ מיליאָן,
זאָל שוין זיין אפילו צוויי,
לאָמיר זאָגן דריי.

באַקומט מיר דען ?...
איך וויל דאָך פיר !...
און ביז מען קומט אַרויף צו פיר...
נאָך צו שוויצן אָן אַ שיר...

נעמט זיך גוט באַרעכענען דעם רייכן.
אָבער גוט באַרעכענען...
דערזעט איר באַלד —
דער רייכער איז אויף צרות...

## אַ מענטש מיט ווייניק פּרנסה

ער קען זיך נישט באַקלאָגן —
ער האָט דאָך „עפּעס",
אָבער אויף אַ לעבן —
נישט גענוג.

צו שמאָל אויף אים —
די פּרנסה זיינע.

ער דאַרף האָבן אַ גרעסערן „סייז".

אַ מאָס פון אַ אינגל
אָנגעטאָן אויף אַ מאַן —
און טראָג.

ער רעדט זיך אוים אַמאָל
פאַר לײדיק-גייער:
בעסער גיין אַ באָרוועסער,
איידער טראָגן איינגע שיך.

ער מיינט עס זיך.

דאָס לעבן זיינס,

וואָס האַלט זיך קוים —
אויף עפּעס".

## אַ שלימזל

וואָס, זאָל ער, שוין זאָגן. —

ער דרייט זיך אום דערשלאָגן
און פֿאַרקלעמט.

ער ווייסט נישט וואו מען נעמט.

ער קוקט די אויגן אויס:
כאָטש „עפּעס".

מען גיט אים עצה'ס:

זוך!

גיי!

פֿרעג!

שטאַרט ער יענעם אין די אויגן,
ווי אַ שטומער:
אָבער „עפּעס אויף דערווייל"
צו קאָנען זוכן!

טאָמער מאַכט זיך אים שוין עפּעס,
לאָזט זיך אוים דערפֿון אַ גאָרנישט.

אָדער אָנגעקומען שפּעט,
אָדער ס'האָט זיך גאָרנישט אָנגעהויבן.

אַ שלימזל.

# ער — פאַרדינט נישט

אַלע פאַרדינען,
ער — נישט.

איר מיינט ער וויל נישט? —
ער וויל דווקא יאָ!
נאָר קומט צו פּרנסה — איז ניין.

ער וויל, ער וויל, ער וויל,
און גאָרנישט.

ער דאַרף האָבן געלט,
ער מוז האָבן געלט,
סע פעלט אים געלט — אַ גוואַלד.
און ער האָט נישט.

אויב ער קריגט נישט קיין געלט —
איז עק וועלט.
און ער קריגט נישט.

ער סטראַשעט זיך: הער!
אַ מענטש אָן געלט —
אַ געטראַסקעטע זאַך!
באַקום ערגעץ געלט —
אַנישט איז קראַך!
און ער האָט נישט קיין געלט.

ער יאָגט אַהין,
ער גייט אַהער.

ער דרייט זיך דאָ,
ער שאַרט זיך דאָרט,
און ער האָט נישט קיין געלט.

וואָס זשע טוט ער?
— דערווײַלע גאָרנישט.

זוכט ער אַרבעט?
— דערווײַלע נאָך נישט.

פירט ער מסחר?
— דערווײַלע טרעפט נישט.

קלערט ער אַזוי,
צי טראַכט ער אַזוי.
רעדט ער אַזוי,
צי ברומט ער אַזוי.
ער האָט נישט קיין געלט.

אַלע פאַרדינען,
אַלע זאַמלען,
אַלע האָבן,
אַלע פאַרמאָגן,
אַלע קריגן,
ער — נישט.

אַ—מאָד—נע—זאַך!
און גיי מאַך!

# אַ מענטש וויל אָן אַ שיר

ער קומט,
און ער שרייט,
און ער וויל,
און ער מאָנט,

און ער קריגט...

ניׁשט גענוג —
שרייט ער: נאָך,
גיט מיר נאָך,
איך וויל נאָך,

קריגט ער נאָך...

ניׁשט גענוג —
גיט מיר מער!
איך וויל מער!

קריגט ער מער...

זעט ער דער,
זעט ער דעם,
שרייט ער: איך!
איך וויל אויך!
איך וויל אויך!

זע נאָר דאָ,
זע נאָר דאָרט,
יענער האָט,
יענער האָט,
אָט־אָט־אָט!
אַ מענטש אויף דער וועלט.

# אַ מענטש נאָר פאַר זיך

אַ מענטש נאָר פאַר זיך — אַ וואַנט אָן פענסטער.
בלינד — צו דערזען די וועלט.
די וועלט אָבער זעט וואָס אים פעלט. —

עס פעלט אים די פרייד — צו דערפרייען.
טויב — צו די נויטן־געשרייען.
תמיד פאַרדומט — אין די אייגענע ווייען.

ער האָט ניט קיין חלק אין קיינעמס געביין.
זיין ענטפער פאַר יענעם — איז אַלעמאָל איין:
ניין.

זיין לעבן איז בלויז — ווי זיין גוף איז די גרויס.
זיין דאַ — איז פאַר קיינעם ניטאָ.

אַ באַשאַף — אָן וואוהין.
אַ פאַרלוירענער מין.

## ליכטיקע מענטשן

אזוי ווי ליים איז פאַר דעם מוליער,

אזוי ווי האָלץ איז פאַר דעם בויער,

אזוי ווי קיט איז פאַר דעם גלעזער,

אזוי איז ביינקשאַפט פאַרן מענטשן.

אזוי איז תורה פאַרן מענטשן.

אזוי איז האָפנונג פאַרן מענטשן.

ביינקשאַפט איידלט און נשמה'ט.
תורה לייטערט דעם אָרומעט.
האָפנונג איז דאָס ליכט פון תמיד.

ווער עס ליידט פון טיפע ווייען,
דער דערציילט נישט פון די ווייען.

ווער עס טראָגט אין זיך געשרייען,
דער צעשרייט נישט די געשרייען.

גרויסע מענטשן ליידן פיינען,
און זיי זוכן זיך צו טרייסטן.
גרייכן זיי די זיו־השכינה,
איבער אַלע גרוילע וויסטן.

עס גייט נישט אין אַ ליד, אין נאָך אַ ליד,
אין נאָך אַ ליד,
ניין, נישט אין דעם גייט עס.

עס גייט אין וויפיל חידוש
האָסטו אויפגעקליבן אינם מענטשן.

עס גייט אין וויפיל חכמה
האָסטו צוגעגעבן צו דעם מענטשן.
עס גייט אין וויפיל רחמים
האָסטו אויפגעמונטערט אינם מענטשן.

קונסט איז נישט קיין יאַדעניש,
קונסט איז נישט קיין קראַצעניש,
קונסט איז נישט קיין יאַטקע-קלאַץ
צו פּאַלמעסן געבעבעכץ.

אַ פלעמל פון אַ שוועבעלע
איז ליכטיקער און וויכטיקער
פון חושכ׳דיקע בענדער ברומערייען.

עס גייט נישט אין אַ בוך, אין נאָך אַ בוך,
אין נאָך אַ בוך,
ניין, נישט אין דעם גייט עס.

עס גייט אין מענטש דעם ליכטיקן
וואָס קען זיין פאָלק באַגייסטערן
צו אַ העכער שענער לעבן.

דער דערהויבער מיט זיין רחמים,
דער באַנעמער מיט זיין זעאונג.
זייערע ווערטער היילן וואונדן,
און זיי ברייגנען די דערפרייאונג.

# ארץ ישראל

פעלקער פון דער וועלט,
פאַרנעמט דעם זאָג וואָס איך וועל אייך זאָגן.

נישט קיין פּאָליטיקער, נישט קיין קריטיקער,
אַ מענטש אַ פּאָעטיקער.

נישט קיין ווייצמאַן,
נישט קיין באָנטשעק,
— אַ פאַנטאַסטישער מיליאָנטשעק.

אויערן האָט איר? יאָ.
הערן הערט? איר — יאָ.
גוט.
הערט דעם טייטש פון ווערטער.

פינלאַנד, פאַרוואָס?
ווייל דאָרט איז דאָס לאַנד פון די פינען.

כינע, פאַרוואָס?
ווייל דאָרט איז דאָס לאַנד פון כינעזער.

טערקיי, פאַרוואָס?
ווייל דאָרט איז דאָס לאַנד פון די טערקן.

ארץ ישראל, פאַרוואָס?
ווייל דאָרט איז דאָס לאַנד פון די אידן.

פאַרוואָס-זשע האַלטן דאָס אַראַבער!?

פעלקער פון דער וועלט! —
גיט אָפּ צו „ישראל" — ארץ ישראל!

# אַלץ ביי אונז

באַ אונז שטייט אין חומש.

באַ אונז מאַכט רש״י.

באַ אונז ברייננט דער מדרש.

באַ אונז לערנט משלי.

באַ אונז פרומט דער תהלים.

באַ אונז הימלט זוהר.

באַ אונז טיפט קהלת.

באַ אונז זאָגט דער תלמוד.

באַ אונז ווייזט דער רמב״ם.

באַ אונז זינגט „אָז ישיר״.

באַ אונז דערפרייט לוצקי.

אַלץ באַ אונז.

# צוועלף חכמים

צוועלף חכמים פֿאַרזאַמלט אין איין,
באַטראַכטן צוזאַמען — די וועלט צו פֿאַרשטיין.
ווער איז די וועלט — וואָס אויף אייביק צו שטיין?
און ווער איז דער מענטש — וואָס פֿאַרדאַרבט זיך אליין?

פֿון וואַנען דאָס קומען? וואוהין דאָס פֿאַרגיין?
איז אַלץ מיט אַ שכל? איז אַלץ מיט אַ מיין?
אַ סוד ווייסט די סודות — פֿאַר זיך נאָר אליין.
און דאָס איז דער סוד — וואָס זיי ווילן פֿאַרשטיין.

באַרעכנט דער ערשטער:
וויפֿיל געלעכטער — אַזוי פֿיל געוויין.
די וועלט איז אַ חשבון — וואָס גאָט פֿירט אליין.

ווענט אָפּ דער צווייטער:
דער סאַרוועך פֿון לעבן — פֿאַרטיילט נישט אַלצאיין.
אַ לויטעלע נחת — אַ פֿונט מיט געוויין.

חלומ'ט דער דריטער:
אַ מענטש — איז ניט מענטש, אַ שטיין — איז ניט שטיין.
די וועלט איז אַ דאַכט זיך, אַ דמיון אליין.

קווינקלט דער פֿערטער:
מען קען ניט זיין זיכער — אין זיכערסטן מיין.
אַ היינטיקער יאָ — קען מאָרגן זיין ניין.

פֿאַרזיכערט דער פֿינפֿטער:
אויב יאָ איז נישט יאָ — און ניין איז נישט ניין —
איז גאָרנישט מיט גאָרנישט דער גאַנצער פֿאַרשטיין.

וועגדט אָפּ דער זעקסטער:
איך לייד שוין גענוג — וואָס איך קען ניט פאַרשטיין,
באַדאַרף איך פאַרשטיין — איך זאָל ליידן נאָך מיין?

חנ׳דלט דער זיבעטער:
נישט וויסן אַליין — האָט דעם זיבעטן חן.
דעם וויפילטן חן — קען שוין האָבן פאַרשטיין?

קלאָגט זיך דער אַכטער:
ווי קום איך, אַ מענטש, די וועלט צו פאַרשטיין,
אַז מיין אייגענער איך — איז אַ סוד מיר אליין?

באַשולדיקט דער ניינטער:
מיר מוזן פאַרטרייבן דאָס בייז פון געביין.
דער זשאַווער פון צאָרן — מאַכט בלינד דאָס פאַרשטיין.

באַדויערט דער צענטער:
דאָס בייז איז אין בלוט — ווי דאָס בלוט אין געביין.
ווי דאָס ברויזן פון ים — ווי דעם שטורעמס געוויין.

פאַרצווייפלט דער עלפטער:
אָט ווייזט זיך אַ יאָ — צו דערקלערן דעם מיין —
באַווייזט זיך אַ ניין — און פאַרשטעלט דאָס פאַרשטיין.

פאַרזיגלט דער צוועלפטער:
דער אמת׳ער מיין — איז דאָס לעבן אַליין.
נישט וועלן פאַרגיין — איז דער קלאָרסטער פאַרשטיין.

# עלנדע מענטשן

דער עלנדער קוקט אויף דער עלנדער,
די עלנדע קוקט אויף דעם עלנדן,
ביידע די עלנדע — עלנד.

דער איינזאַמער בענקט נאָך דער איינזאַמער,
די איינזאַמע בענקט נאָך דעם איינזאַמען,
ביידע די איינזאַמע — איינזאַם.

דאָס גליק פון באַגערטע — קומט פון אינאיינעם,
נישט פון איינעם,
נישט פון איינער.

טויזנט איינער — אלע אַליינער.

צוזאַמזאַם — פלאַמזאַם.

צוויי אין צווייען — אַ צאַפּל דערפרייען,
אַ מורמל־געשרייען,
אַ רייצן־זאַווייען.

ביידע באַזונדער — שטומען אין ווייען.

גוטס —
אָן גוץ.

עלנדע מענטשן.

## ראָזע די נייטאָרין

ראָזע ארבעט אין שאַפּ א גאנצע וואָך.
היינט, זונטיק, איז ראָזע אין איר צימער.

דאָס בעט פאַרבעט,
דאָס טישל פאַרשפּרייט,
דאָס פענסטער ריין,
זיצט זי נעט,
איינע אליין.

ראָזע קלערט :

א מאַן האָט געזאָגט, ער קומט זייגער פיר —
קען אַמאָל זיין, ער קומט זייגער פינף.

א מענטש, איך ווייס, אַמאָל א באַן,
אַמאָל אזוי, עס קען דאָך זיין !

געזאָגט זייגער פיר,
ווערט כאַפּן די פּיס און קומען פריער ?

וואָס איז ער פאַרליבט ?
דער קאָפּ אים פאַרדרייט ?

ארום און ארומעט — קען ער מיך ווייניק.
פון איין מאָל געזען —
קריגט מען א מיינונג ?

גערווען אויף אַ פּאַדי —
„פּאַלעסטינע",
זאָגט אים סיידי:
קענט זיך ביידע...

— אמת איז אמת, וואָס פאַראַן,
אַזוי אויפן קוק — זעט אוים — אַ מאַן.

טראָגט פענסנע, און האָט אַ שטעל —
אַזוי ווי אַמאָל — אַ שיין געמעל.

אַ דריק מיין האַנט,
קוקט ער אַזוי...
זאָגט ער אַנטציקט:
אַ בילד אַ פרוי...

— מיידלשע יאָרעלעך — קומען צו גריסן.
זאָל זיין אַ חתן? — ווער קען וויסן!

— אַ שטילינקער הילינקער סטוק אין טיר...

זי איילט אַ דערפרייטע: געקומען פריער!

# דער איינזאַמער

אַ מאַן און אַ אישה,
און אַ געליבטער,
גאָרנישט.

אַזוי אַ פריינדינע,
אפילו פאַר גאָרנישט,
אויך נישט.

יאָוועט זיך פרילינג —
מיינט ער אָט איז עס.

זעט ער ס׳איז גאָרנישט —
האָפט ער אויף זומער.

זעט ער ס׳איז גאָרנישט —
האָפט ער אויף אָסיען.

זעט ער ס׳איז גאָרנישט —
פונדעסטוועגן האָפט ער.

דער ווינטער אַהינטער —
איצטער — פרילינג.

נעמט זיך אים מאָלן —
מען קען נאָך נישט וויסן,
זי קען נאָך דערשיינען —
ער קען נאָך גענים.

קומט ער צו מענטשן
און דרייט זיך אַרומעט
אַליין מיטן אומעט.

אַזוי א באַקאַנטע,
באַגעגנט ער דוקא —
נאָר וואָס אים באַקאַנטע ?

מיסטער און מיסעס,
מיט זייערס אַ בייבי,
אַמאָל מיט אַ טאַנטע.
מיינט ער אַ מיידל,
נעמט ער זיך שכל׳ען,
וועדליק אַ בחור,
מיט טרוימערשע שמייכלען:
„אַ געטלעכע מיידל,
אַ הימלשע שיינהייט,
אַ שאָד אַזאַ מלאך.״

טוט אים די מיסעס
אַ צי ביי דער פּאָלע:
האָט נישט רחמנות,
מיסטער טראָמבאָליע.
שוין מער ניט קיין מיידל,
איר מאַן הייסט פּאַסאָליע.

פאַרקנייטשט ער דעם שטערן
און קוקט מיט באַדויער:

מיין דאַליע מאַזאַליע...

אַ פּרויקע אַזויקע —
איז בחור, פאַוואַליע.

אַזוי גייט ער איינזאַם
פון פרילינג צו זומער.

נאָך אַלע סעזאָנען —
איז ווידער־אַרומער.

עס ציט אים דער חשק
אַרום אומעטומער...

דער איינזאַמער.

# אַ באַלעטע פון געגעטע

ער געגעטער, זי געגעטע,
ביידע מיטל, ביידע נעטע;
ער אַ טרוימער, זי אַ טרוימין,
ביידע באַנגען גלאַטע גלעטע.

זי איז פּופּציק, ער איז זעכציק,
ביידע לעבנס — אַ דיעטע;
בלויז געוואָלטע, בלויז געזאָלטע,
בלויז גענאַשטע, ניט געזעטע.

יעדן זונטיק, איינס אַזייגער,
דרויסן צייגט אַ שיינער וועטער —
וואַרט געגעטע אויף געגעטן,
וואָס זיין נאָמען — בלומענבעטער.

יעדן זונטיק, צוויי אַזייגער,
דרויסן צייגט אַ שיינער וועטער —
קומט געגעטער צו געגעטע,
וואָס איר נאָמען — רויזנבלעטער.

ער ראָמאַנטיש, עלעגאַנטיש,
אַ פאַרנויגן — אַ פאַצעטע.
זי זיין חלום, די קאָקעטע —
אויף דער סאָפע ווייך געבעטע.

צוויי געגאַרטע, צוויי דערוואַרטע,
אויגן רעדן — נישט גערעדטע.
ווער זאָל וואַגן? ווער זאָל זאָגן?
יונגע הערצער — יאָרן שפּעטע...

# אַ איד רעדט פון ווייב

איך האָב אַ אידענע,
טויג זי נישט,
פונדעסטוועגן — לעב איך מיט איר.

וואָס הייסט זי טויג נישט — כאַפּט ער זיך צוריק,
ווען זי טויג נישט,
וואָלט איך דאָך נישט לעבן מיט איר!

איז אָבער די מעשה,
אַז מען זאָגט „אַ ווייב", מיינט מען דאָך ווייב —
זאָג איך אייך אַז נישט.

דער עיקר איז, וואָס איך זאָג אייך,
וואָס איך מיין.
און מיינען מיין איך אייך צו זאָגן,
אַז מען זאָגט נישט פּונקט ווי מען מיינט.

מיינען מיינט מען — איינס,
און סע לאָזט זיך אויס גאָר עפּעס אַנדערש.

זאָג איך אייך: אַקעגן אַ ווייב.
אַוואַדע, אַז גאָט העלפט מ'קריגט אריין
אַזעלכע וואָס מען וויל!...

איז אָבער די מעשה,
איר קענט מיר ניט אָנווייזן אפילו אויף איינעם —
זאָל האָבן אַזעלכע וואָס ער וויל...

פאַראַן טאַקע אַ סך, וואָס האָבן אַזעלכע,
וואָס זיי האָבן געוואָלט,
אָבער אַלץ נישט די, וועלכע זיי ווילן.

מאַלע געוואָלט,
דער עיקר איז, צי האָט מען די,
וואָס מען וויל.

און די, וואָס מען וויל,
די, האָט מען נישט.

אפילו די, וואָס איר האָט,
וואָס איר האָט געוואָלט —
איז אויך נישט די,
וואָס איר האָט געמיינט אַז זי איז.

געמיינט האָט איר גאָלד,
צום סוף איז גאָר בלעך,
איך גיב אייך אַ ביישפּיל.

וואָס זאָג איך בלעך,
בלעך איז שוין גאָלד,
צום פאַרגלייך וואָס איך מיין.

ס'איז גאָרנישט קיין פאַרגלייך —
צו פאַרגלייכן אַ ווייב.

אַוואַדע אַ ווייב.
ווער זאָגט דען ס'איז שלעכט?
סע גייט דאָך אין דעם, וואָס איר זאָגט „אַ ווייב".
איך מיין אַ מענטש...

נאָר וואָס זאָל איך רעדן?
סע גייט דען אין רעדן?

# אַ איד רעדט פון ליבע

אַ ליטישע פרוי,
אין די מיטעלע יאָרן,
איז אמתע ליבע.

וואָס אָנבאַלאַנגט „גוט", באַדאַרף מען נישט בעסער.
אַזאַ, אז זי ליבט, איז דאָס לעבן.

ערשטנס, ווי זאָגט מען,
שוין צייט זי זאָל וויסן.
צווייטנס, ווי זאָגט מען,
אַ מאַן אין די יאָרן באַדאַרף זיך נישט נאַרן.

סע לויפט זיך שוין מער נישט.
סע יאָגט זיך שוין מער נישט.
סע אײַלט זיך שוין מער נישט.

צוריק ווידער רעדן:
וואוהין איז צו לויפן,
וואוהין איז צו יאָגן,
וואוהין איז צו אײַלן.

באַדאַרף מען דאָך האָבן אַ מקום מנוחה,
איז טאַקע די פראַגע — וואו איז דער מקום.

זאָג איך, אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן.

אַז זי איז, פאַרשטייט זיך, געבליבן אַזוי־אַ,
און איר זענט דאָך אויכעט, פאַרשטייט זיך, אַזוי־אַ;

איר — אַן אַ אישה, און זי — אַן אַ מאַנסביל,
אוןביידע, פֿאַרשטייט זיך, זיינען דאָך מענטשן,
און עלנטע מענטשן, און מענטשן מיט הערצער.

איז טאַקע די מעשה אַזוי ווי איך זאָג אייך.
די אמת'ע פֿרוי אין די מיטעלע יאָרן.

# די הימלישע ליבע

זיי זיצן ביינאַכט פֿאַר אַ הויז אין די בערג,
און רעדן פֿון הויכע געהויבענע זאַכן —
די געטלעכע ליבע.

ביי מיר זאָגט די אישה —
איז העכער און הייסער פֿון אַלע געפֿילן —
די הימלישע ליבע.
ווי איז ביי אייך?

ביי מיר — זאָגט דער מאַנצביל —
איז בעסער און זיסער פֿון אַלע געפֿילן —
די ערדישע ליבע.
ווי איז ביי אייך?

פֿאַר׳חידוש׳ט די אישה:
בלויז ערדישע ליבע? — ווי רופֿט איר עס ליבע?
ס׳איז אפֿשר אַ ציהעכץ,
ס׳איז אפֿשר אַ ווילעכץ,
נאָר רופֿן עס ליבע! — ווי רופֿט איר עס ליבע?

מיט אמת׳ע ליבע — צעשפּרייט זיך די אישה —
איז גאָר עפּעס אַנדערש.

מען טראַכט נישט פֿון גלעטן,
מען טראַכט נישט פֿון קושן,
נאָר ליבע, די ליבע,
די הייליקע ליבע,
די געטלעכע ליבע,

די הימלישע ליבע,
ווי איז ביי אייך?

ביי מיר — זאָגט דער מאַנצביל —
און גלעט זיך דעם שטערן:

מיט ליבע, פאַרשטייט איר,
באַדאַרף מען נישט קלערן.

ער שאַרט זיך צו נאָענט,
און רירט אָן איר אָרעם.

ער טרוימט — מיט דער אישה —
צו ווערן פאַרלאָרן.

נאָר זי — מיט דער ליבע —
די הייליקע, געטלעכע, הימלישע ליבע —

זי גורט אָן די לענדן און זיצט ווי אַ טורעם.

— פון קאָפּ ביז אַרונטער
גאַרסעטן מיט צוועקעס,

באַפּאַנצערט מיט צאָרן.

ווי איז ביי אייך?

# אַ פרוי ווי געוואונטשן

אַ זונטיק פאַרנאַכט,
אויפן בריק ביים ים,
זיצן צוויי אידן,
פאַרביינקטע נאָך ליבע,
און איינער רעדט:

איך דאַרף דאָ זיצן?

ווען איך — בין אַ מענטש —
און נעם דעם סאָבוויי,
און פאָר מיך אוועק
צום „ריווערסייד דרייוו",
אהין צום „האַדסאָן".

וואַרט דאָרט אַ ווייבל,
איך זאָג איך אַ דאָל.
אַ פּנים — אַ דאַרלינג.

אַ פרוי אַ יאָר פערציק,
זעט אוים ווי דרייסיק.

זי גיט אייך אַ שמייכל —
דאַכט זיך אייך צוואַנציק.

איר גיט זי אַ גלעטל —
ווערט זי אַ בייבי...

איך זאָג אייך אַ פרוי,
אַז איר זעט נישט דאָס מיידל
בלויז אַ פּאָר וואָכן —
מיינט איר אַ פרינצין.

עס נעמט זיך אייך מאָלן
דאָס בילד פון דערוווייטן —
מיינט איר אַ מלאך.

וואָרט זי דאָרט נעבעך
אליין ביים האָדסאָן.
באַדאַרף איך דאָ זיצן
מיט אייך אויפן „באָרדוואָק"
און לעכצן נאָך פרויען?

נאָר גיי נעם אַ סאָבוויי,
און לאָז זיך אויף מיילן,
אַזעלכע היצן.
אַז וואָלט איך כאָטש וויסן
אַוואו זי געפינט זיך —
מילא.
וואָלט איך דעם דאַרלינג
אַמאָל כאָטש באַגעגנט,
אַמאָל איר געטראָפן,
גערעדט מיט איר —
פאָרט מען.
אַ לאַנדסמאַן דערציילט מיר
אַ נס פון אַ שיינהייט,
— גיי, ווייס, צי ס'איז אמת,
גיי, גלויב, זיינע „גליקן".
איך קען נישט, איך ווייס נישט,
די פרוי גאָר אינגאַנצן —
גיי זוך איר ביים האָדסאָן.
אַזוי רעדן אידן,
פון בייִנקען נאָך ליבע...

# אַ פרוי מיט אַ תכלית

ער איז אַ דינער, דאַר ווי אַ דראָטל,
זי קאַנאַנאָרע, אַ פרוי פון די פרויען.
זיצן זיי ביידע און שפּרעכן געשפּרוכן.

ביי מיר זאָגן „ליבע" זאָגט אים די אישה,
מיינט נאָך גאָרנישט.
עס איז נישט קיין טרוים נישט,
עס איז נישט קיין וואָר נישט,
עס רירט מיך אַ האָר נישט.

איר קענט צו מיר רעדן פון היינט איבער מאָרגן,
באַ מיר ווי געפּליוסקעט.
איר קענט זיך מיר שווערן מיט וועלכע שבועות,
באַ מיר ווי געפּליעסקעט.
באַזינגט מיך אפילו מיט גאַנץ „שיר השירים",
איך זע — וואָס אין בעסקעט.

אַבי איר העצקעט! . . .

איך זאָג, אַז דער מאַנצביל איז אויסן דער פרוי,
פאַר זיין אייגענער ליבע —
דאַן בין איך אין „טייטל" צו קריגן פון מאַנצביל —
מיין ווייבערשע תפילה.

אַ גוטע פּרנסה — האָט איר ?

חתונה־לייסענס — נעמט איר ?

פירן אַ „היים" — ווילט איר ?

דערציען מיינע קינדער — קענט איר ?

שיקן מיר אין פלאָרידע — שיקט איר ?

קויפן מיר אַ מינק־קאָוט — קויפט איר ?

וואָס זאָגט איר אַצינד ?

געפּאַקט אייך מיסטער ! — הא !

# ליבע אויף לשון־קודש

ער און זי —
ס'איז היים,
און אים ווילט זיך ליבע.

סע גלוסט זיך אים ליבע,
סע טראַכט זיך אים ליבע,
סע דורשט זיך אים ליבע.

ער וויל אַזוי ליבע —
ווי איינער וויל עסן.
ער וויל אַזוי ליבע —
ווי איינער וויל שלאָפן.

ס'איז ליבע מיט ליבע,
מיט ליבע די טריבע,
מיט טריבע די ליבע.

סע פליען אים פונקען
פון ליבע.

זאָגט ער איר:
אוי, איך גלייך אייך ווי האָניק.
ביי מיר אַזאַ אישה —
אַ ריכטיקער טאַניק.

זאָגט אים די אישה,
וואָס קען לשון קודש:

אַ אישה, פאַרשטייט איר,
בלשון נקבה,
איז ווערליק איר טבע —
אַ בריאה אַ צנועה.

ווי שטייט אין דער משנה,
זאָגט אים די אישה:
אַ אישה בבישה...

ווי זאָגט דאָרט דער „זוהר",
זאָגט אים די צנועה:
אפילו בביאה...

נאָר וואָס זאָל מען רעדן —
זאָגט זי „באַשיידן":
דער מאַנצביל איז זינדיק.
דערפאַר איז אונז, ווייבער —
באַטרערנט און ווינדיק.

דעריבער יום כפור —
בלאָזט מען תקיעה.
און נישט בלויז תקיעה —
נאָר שברים־תרועה.

תרועה, תרועה,
ביז „תקיעה־גדולה"...
ווייל „כל הארץ
על בלימה תולה"...

און אים ווילט זיך טוליע,
הוליע.
אַ מאַן איז אַ זשוליע...

# פסח אָן אַ ווייב

צוויי אידן זיצן אין אַ רעסטאָראַן
און רעדן פון פסח.

מאַכט אוועק איינער: דאָ אַ, פסח — הייסעך.

פרעגט אים דער צווייטער: וואָס מיינט איר הייסעך?

ענטפערט דער ערשטער:
מען דאַרף נישט מיינען אפילו אויף אַ האָר נישט.
דאָ — איז גאָרנישט.

פרעגט אים דער צווייטער:
וואָס-זשע מיינט איר?

ענטפערט דער ערשטער:
איך מיין צו פאַרגלייכן דאָ מיט דאָרטן.
מען קען נישט פאַרגלייכן דאָ מיט דאָרטן.

פרעגט אים דער צווייטער:
אַזוי טאַקע מיינט איר?

ענטפערט דער ערשטער:
איך מיין קעגן פסח.

אַמאָל אין דער היים, אונזערס אַ איד,
די ערשטע נאַכט פסח.
איך קום פון שול, איך זאָג גוט יום-טוב,
איך קוק זיך אַרום, אַ גלעט דעם טישטעך,
איך זעץ מיר אַוועק, איך פּראַווע דעם סדר,
דאָס ווייב איז אין הויז.

דאָ אָבער הי, אונזערס אַ איד,
די ערשטע נאַכט פּסח.

איך קום פון שול, איך זאָג גוט יום-טוב,
איך קוק מיר אַרום, איך זעץ מיר אַוועק,
נאָר וואָס קומט אַרויס?
אַ צימער ביי יענעם,
אַ איד אַן אלמן,
קיין ווייב איז נישטאָ...

נו, קען מען פאַרגלייכן דאָרטן צו דאָ?

# ליבע די אלמנה זוכט אַ שידוך

ליבע די אלמנה
מיט נאָך אַ פרוי,
זיצן אין פּאַרק
און זיפצן.

קרעכצט ליבע: אוי!
מען זאָגט: ריידן.

ווער קלאָגט —
ווּעמען סע פּלאָגט.
אָבער ווּעמען ס'איז גוט —
דער — טוט.

די וועלט איז ליב,
די וועלט איז שיין.
אָבער איינע אַליין —
ווי קען עס זיין ליב?
ווי קען עס זיין שיין?

פאַרשטייט זיך אַמאָל —
ווען מיינער, זאָל לעבן,
האָט געלעבט —
איז געווען דאָס לעבן אַנדערש.

היינט אָבער,
אַז מיינער, זאָל לעבן,
רוט אין „גאַניידן" —
איז ווידער עפּעס אַנדערש.

אַ פרוי, קאַנאַנאַרע,
מיט עטלעכע דאָלער,
אַ היים — אַ הויז —
אַן אייז־באַקס מיט עסן —
וואָס גאָט טוט געבן.
אָבער אָן אַ מאַן —
אַן עלנט לעבן.

אַלע מיינע ליבע
זאָלן האָבן אַ מאַן,
און אַלע מיינע שונאים
זאָלן עלנט „זאַן".

אַזוי זאָגט ליבע,
די זאַפטע אלמנה.
די הענט פאַרלייגט,
מיט אַ פרומער כונה.

סע קומט אַ יאָנטעוו,
סע קומט אַ שבת —
בלייב אַליין,
דידעם באַבעס.

מיינט איר סע גוט?
מיינט סע ליב?
להבדיל אַ הונט
אַליין אין שטיב.

לאָזן זיך גיין,
אַזוי אויף שפּאַציר?
איז אויך דאָס גיין —
נישט־מיר, נישט־דיר.

מען גייט מיט אַ מאַן —
רעדט מען אַ וואָרט.
גייט מען נישט דאָ —
גייט מען דאָרט.

אָבער אַליין
אַהער, אַהין.
וואָס טויג אַ גיין
אָן אַ וואוהין?

וואָס רעד איך פון גיין,
סע גייט דען אין גיין?
סע גייט דאָך אין דעם —
וואָס מען גייט נישט אַליין.

עס זאָל זיך מיר מאַכן
אַ פּאַסיקער פריינט —
האָב איך נאָך חתונה
אפילו היינט.

אַזוי רעדט ליבע,
די זאַפטע אלמנה.
די הענט פאַרלייגט,
מיט אַ פרומער כונה.

# טרוימט אַנעטע

פריילין אַנעטע,
אין בעט די צעבעטע,
צעשטראַלטע „פראַפעטע".

אויגן צעשאַלטע,
פאַרשווינטע געשטאַלטע,
צעפּ צעקוואַלטע.

לאַקערט אַנעטע,
אַ טרוים איבער אַלע —
ווערן אַ כלה.

אַנעטע שטאַפּעטע,
אַ מויד אַ צעבליעכץ,
אַ פויגעלע פליעכץ,
אַ ליד צווים-צוויעכץ.

מאָלט זיך איר שוואונגען:
אַ בחור באַקענט זיך,
שטאַרט ער און ווענדט זיך,
שאַרפט ער די הענט זיך.

זאָגט ער איר: זיסע,
איך נעם דיר צו שוועבן,
און שפרייטן דיר פריידן,
אין העכערן לעבן.

אַנעטע צעפלאַמטע,
די אויגן צעצאַמטע,
די ליפּן פאַרקלאַמטע,
גליק-טאַראַמטע.

# זי נעמט זיך א שאַור

אין פּאַרק.

ער — נעבן איר,
איר האָפענונג — אויף אים,
זיי דאַרפן זיך ביידע.

זיין קאָפּ — אויף איר דיקן אַקסל.

רעדט זי:
נעכטן אין אָוונט, געלייגט זיך פרי שלאָפן.
מיינסטו באַלד שלאָפן?

צום אָנהויב, געוויינטלעך, גענומען זיך אויסטאָן,
טו איך מיר אויסעט אַזוי אַ פּאַוואָליע,
צו וואָס זיך יאָגן,
איינע אַליין אין מיינע חדרים.

ווייבאַלד טאַקע נאַקעט —
זיך נעמען אַ שאַור...

איך זאָג דיר, מעגסט הערן,
אַזוי ווי אַ יאַנטעוו — מען נעמט זיך אַ שאַור...

מיין לייב קיין האָנאָרע — אַ טאַנץ אין די גלידער,
מען גיט זיך אַ שאַור...

אַריין אין דעם ציכטיקן, פרישן געלעגער —
גענומען זיך טוליען.

איר קאָפּ נעמט זיך בויגן,
די אויגן אַרונטער.
זיין קאָפּ אויף איר אַקסל,
געשפּאַרט מיט דער געמבע.

זיי דרימלען שוין ביידע.

# הייסט דאָס ליבע?

אַ מאַן מיט אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן,
זיצן אין פּאַרק אַ זונטיק נאָכמיטאָג
אַליין אויף אַ באַנק.
נישט הייס, נישט קאַלט — אַ מחיה אין וואַלד

אַ ווינטעלע בלאָזקעט,
איר בלוזקעלע שושקעט,
אַ וואַסערל פליוסקעט.

ער האָט שוין גערעדט.
אַצינד רעדט זי.

רעדט זי:
ווי נעמט עס אַ מאַנצביל אין פראָנט פון אַ אישה,
אינמיטן דאַרינען אַ זונטיק נאָכמיטאָג,
אַליין מיט די בוימער, אַליין מיט די פייגל,
און טוט זיך אַ זאָגל נאָך איר אין די אויגן:
„ליבע״...

ס׳איז פונקט איר זאָלט זאָגן
צום סוף פון אַ מאַנטיק,
האָסטו נישט, ווייסטו נישט:
מיסעם! גוט שבת! איך האָב אייך ליב!

וואָס הייסט, איר זאָגט, איר האָט מיך ליב?
— איר האָט מיך ליב?
איר קענט דאָך אינגאַנצן
סאַכאַקל מיך ווייניק —
צו קענען מיך ליבן!

צו קענען מיך ליבן —
באַדאַרפט איר דאָך קענען צוערשט מיין טאַטן!

איר דאַרפט דאָך צו וויסן אַפריער מיין לעבן,
דערנאָך מיין נשמה,
אַצינד מיין משפחה...

אַ מענטש זאָגט „ליבע״!
אַבי זאָגן „ליבע״!

אַ מאַן נעמט אַ אישה
אין פאַרק צו פאַרברייננגען,
און זאָגט זיך „ליבע״...

קוצעניו-מוצעניו,
קעצעלע-טייבעלע,
מאָרגן גיי זוך אים...

הייסט דאָס ליבע?

אַזוי רעדט די אישה
צום מאַן פון דער „ליבע״,
אַ זונטיק נאָכמיטאָג,
אליין מיט די ביימער,
נישט הייס, נישט קאַלט,
אַ מחיה אין וואַלד.

# אַ ליב פּאַרפּאָלק

אַ מאָנטיק בײַטאָג
אויפֿן בריק בײַם ים.

וואו-נישט-וואו אַ מענטש איז דאָ.
אַזוי די זון צוביסלעך דאָ.

אַ מאַן מיט אַ ווײַב זיצן אויף אַ באַנק.

ווי זעען זײַ אויס?

— ער איז נידעריק, זי איז קורץ.
ער איז גראָב, און זי איז דיק.

ווי אַלט זײַנען זײַ?

ביידע נישט אינג.
ביידע נישט גרינג.
ביידע נישט פֿלינק.

די וועלט קענען זײַ — אַ גרויסער דרימל.
דער דיל — אַ ים.
די סטעליע, די ווענט פֿון איין גום הימל.

אירס אַ האַנט אין זײַנער אַ האַנט.
אַזוי ווי אַ רינג אין אַן אײַזערנעם באַנד.

דיביידע הענט אויף אירן אַ קני.
פאַרקאָוועטע מי.

געפּאַקט אַ שטיק, אַ גרויס שטיק גליק.

וועמענס שטיק און וועמענס גליק?
— זי פאַר אים און ער פאַר איר.

זי איז זיכער: ער איז „דער".
און ער איז זיכער: זי איז מער.

פאַמייליכן ליב,
פאַמייליכן פיין.

אַזוי די צוויי.
זיצן זיי.

## צוויי פּאָר

פֿאַרנאַכט ביים ים.
שוין שפּעט פֿאַרנאַכט.

פֿייערלעך ווייטע — אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.
אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.
אויף יענער זייט ים.

זיצט דאָ אַ מאַן מיט זיין ווייב אויף אַ באַנק,
אַלטע לייט,
צום ים אין דער ווייט.

זיי זעען אַהין,
די וואַנט פֿון דער וועלט.

פֿייערלעך ווייטע — אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.
אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.

נישט ווייט זיצט אַ בחור ביינאַנד מיט אַ מיידל.
ער פֿיבערט פֿון ליבשאַפֿט און רעדט צו איר איידל.
ער פֿילט איר צו דריקן און גלעט איר דאָס קליידל.

זיי קוקן אַרום — די וועלט אַזוי גרויס.
וואָס ווייטער — אַלץ ווייטער —

די פֿייערלעך ווייטע — אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.
אַ צינד, אַ פֿאַרלעש.

# אַ „נישט" מיט אַ „ניין"

אַ „נישט" מיט אַ „ניין" איז אַ פּאָר,
און איינס ביים צווייטן איז גאָרנישט.
זיי מיינען דאָס זעלבע ביז גאָר,
און זיינען צעקריגט איבער גאָרנישט.

אַז „נישט" וויל דעם אמת דערגיין:
איז „ניין" טאָקע גרעסער פון „נישט"?
גיט זי זיך באַלד צו פאַרשטיין:
„ניין" איז אַ גאָרנישט מיט נישט.

אַז „ניין" וויל דעם אמת דערגיין:
איז „נישט" טאָקע גרויס ווי אַ „ניין",
גיט ער זיך באַלד צו פאַרשטיין:
איינמאָל פאַר אַלעמאָל ניין.

ווען „נישט" מיטן „ניין" ווילן האָבן אַ „יאָ" —
קומט „נישט" צוזאַמען מיט „ניין",
ווערט זיי געבוירן אַ יאָ:
נישט-ניין! — יאָ!

טוט זיך אַ כאַפּ אויף דער „ניין":
געענוג שוין פאַרבונדן מיט „נישט".
אַ „יאָ" איז שוין דאָ — וואָס נאָך?...
„ניין" פילט זיך פרייער אַליין.

אַזוי „לעבט" אַ „נישט" מיט אַ „ניין",
שוין טויזנטער, טויזנטער יאָר.
דערווייל קומט אַ דור נאָך אַ דור,
פון אַלע די קריגערשע פּאָר...

# איך בין וועלט׳ס חסיד

איך קען מיך גאַרנישט אָנזעטן מיט דער וועלט.
איך קען מיך גאַרנישט אָנטישן מיטן לעבן.
איך קוועל אַ קוועלעניש פון טיפע טיפענישן.

ס׳איז אויף מיר אַן איבערגוס,
אַן איבערפלוס,
אַ גרויסער אויפגעברויז.

איך זינק אַריין אין זינקעניש פון נחת׳ן.

ס׳איז אויף מיר אַ גליקעניש,
אַ קוויקעניש,
אַ פרייד־ענטציקעניש.

גאַרנישט טרעפט מיט מיר,
נאָר דוקא אין דעם גאַרנישט
לעב איך דורך אַ גרויס געטרעפעניש.

אין איינזאַם ווער איך אויפגעריכט
מיט גרויסער וועלט׳ס געשעעניש.
מיט צייט׳ס פאַרלויפעניש.

איך בין וועלט׳ס דער גרעסטער חסיד.

איך באַהעפט זיך אין מיין רגע —
מיט דער וועלט פון אייביק דויער.
איך בין חדוה׳דיקער טרויער,
איך בין פריצ׳דיקער פויער,

# דאָס ליד פון לעבן

איך וויל לעבן.

סע גייט מיר פּשוט אין לעבן — צו לעבן.

איך וויל אַזוי שטאַרק לעבן —
אַז סע גייט מיר אוים דאָס חיות,
אַזוי וויל איך לעבן.

דאָס לעצטע העמד אַוועקצוגעבן —
אַבי צו לעבן.

דאָ איז פרייד און דאָרטן טרויער,
דאָ געררויש און דאָרטן שווייגן,
אומעטום פאַרטרויעט מיר דאָס לעבן:
דו מוזט לעבן!

איך באַשווער דיך מיט די גרעסטע שבועה׳ס:
דו זאָלסט לעבן.

איך גיב אויף דיר אַ נדר:
לעב!

האָסט ניט גאָר קיין אָנונג —
זאָגט צו מיר דאָס לעבן,
ווי ס׳איז גוט צו לעבן!

גאָר ניט פאַר די מענטשלעכע השגות
צו באַנעמען יענע ריכטיקע באַגריפן,
יענע טיפערע יסודות,
וואָס סע מיינט אזוינס לעבן.

גאָר ניטאָ אַ יענע פריערדיקע שעה,
וואו דער לעבעדיקער מענטש
איז דאָרט נישטאָ!

אַזוי פאַרטרויעט מיר דאָס לעבן —
וועגן לעבן:
לעב!

## דאָס בוך פון לעבן

אין דעם גרויסן בוך פון לעבן,
יעדע בלאַט אַ מייל די ברייט,
שרייבט זיך יעדער אָן זיין נאָמען,
פאַר דער „מאָרגנדיקער" פרייד.

מיך האָט דער פון אוי, אוי, אויבן,
נאָך אַ פאָרשונג און באַראַט —
אָנגעוויזן מיט אַ פינגער:
דו — פאַרנעם — אַ גאַנצן בלאַט.

# וויפיל בין איך אַלט

וויסט איר וויפיל איך בין אַלט?
דערציילן אייך דעם אמת?
דעם ריינעם אמת?
דעם אמת'ן אמת?

אַלט אַ געוואַלט.

אַ מורא מיך באַפאַלט —
וויפיל איך בין אַלט.

איך בין אַנגעזעצט מיט יאָרן —
ווי די ביימער אין אַ וואַלד.

מיינע יאָרן, קומט מיר פאָר,
אַ גרויסער כרך.
וויפיל שויבן דאָרטן דאָ?
אַ סך, אַ סך.

פון וואַנען זאָל איך וויסן מיינע יאָרן?
אָנהויב ווייס איך ניט.
ענדע זעט זיך ניט.

פון וויפיל איך געדיינק מיר נאָר —
געדיינק איך נאָר געדיינקעניש.
פון נישט געדיינקעניש — געדיינק איך נישט.

ווי איז מעגלעך — נישט געווען —
אַז איך בין תמיד דאָ!

# אַלע טראָגן זיך אָפּ

אַ סך פון די שרייבער —
זיינען שוין אויף „יענער וועלט".
מ'טראָגט זיך אָפּ.
מ'טראָגט זיך אָפּ.
מ'טראָגט זיך אָפּ.

איך אויך?
אוי געוואַלד!
טאַקע?

אויב אַזוי —
דאַרף מען טאַקע
זיך פאַרטראַכטן.

טראַכט איך:
אַ סך פון די שרייבער —
זיינען שוין אויף „יענער וועלט".
מ'טראָגט זיך אָפּ.

מ'טראָגט זיך אָפּ.
מ'טראָגט זיך אָפּ.

איך אויך?
אוי געוואַלד!
טאַקע?

אויב אַזוי —
דאַרף מען טאַקע
זיך פאַרטראַכטן.

## דער תנא מיטן אינגעלע

דער תנא זאָגט צום אינגעלע:

קום אַהער אינגעלע,
זעץ זיך אַוועק,
וועל איך לערנען מיט דיר תורה.

קומט צו דאָס אינגעלע,
און זעצט זיך אַוועק
לערנען תורה.

לערנט אים דער תנא:

שאָקל זיך אינגעלע
אַזוי ווי מען לערנט,
וועט זיין ווי געלערנט.

שאָקלט זיך דאָס אינגעלע
אַזוי ווי מען לערנט,
און ווערט געלערנט.

לערנט אים דער תנא:

פֿרום מיטן פּנים
אַזוי ווי מען לערנט,
וועט זיין גוט געלערנט.

שאָקלט זיך דאָס אינגעלע,
און פרומט מיטן פּנים
אַזוי ווי מען לערנט,
און ווערט גוט געלערנט.

לערנט אים דער תּנא:

זינג דיר אַ ניגון
אַזוי ווי מען לערנט,
וועט זיין וועלט געלערנט.

שאָקלט זיך דאָס אינגעלע,
און פרומט מיטן פּנים.
ער זינגט זיך אַ ניגון
אַזוי ווי מען לערנט,
און ווערט וועלט געלערנט.

ווער איז דאָס אינגעלע?
ווער איז דער תּנא?
איך בין דאָס אינגעלע,
איך בין דער תּנא.

# איך בין אַלטערטום

ביי מיר אין הויז איז שפּעט ביינאַכט אַצינד.
איך זיץ אין קיך,
פאַר א צייטונג אויפן טיש,
אידיש.

איך שטאַר אריין אין צייטונג און איך לערן
דאָס געדרוקטע.

ביי מיר נישטאָ קיין לייענען —
איך לערן אַלץ.

טאָמער זייער גוט —
לערן איך אַביסעלע,
שוין אַנגעשעפּט אַ סך.

איך לערן דאָס געדרוקטע מיט אַ שטאַרקן חשק,
ווי אַמאָל די אידענע —
אַ תחינה.

איך פרום אריין אינגאַנצן
אין די אַלטערטימע אותיות
און ווער אַליין אַן אַלטערטום,
אַ פאַר־היסטאָרישער באַשאַפן.

דאָס פּנים מיינס פאַרויסגעשפּאַרט,
געשפּאַנטער מיט דערשטוינונג
אין דער וועלט פון סתם אריין,
מיט אַן אַ שיר געפינעניש.

און איך דער ווייט-פּאַרצייטיקער,
מיט אַן אַ שיר אומוויסעניש.

איך בין איינער פון די מינים פּיזיאָנאָמען
לאַנג נאָך —
איידער ס׳האָט באַוויזן זיך
דער ערשטער אָדם,
וואָס אויף אים איז שוין געזאָגט געוואָרן
אָנצורופן מיט דעם נאָמען — מענטש.

איך בין נאָך אַ פריערער.
אַ מער פאַרגאַפּטערטער.

# איך לעב — נאָך!

איך וויל מיר גאָרנישט גלויבן אַז איך לעב נאָך.
נאָך — לעב איך?
אַזוי לאַנג?

דערמאָן זיך נאָר פון ווען דו ביזט שוין דאַ!
אוואו דו ביזט שוין אויסגעוועזן.
וויפיל יאָרן צענדליקער
פון זינט דו ביזט שוין אויסגעוועזן.

מיינסט דו ווייסט דיין עלטער?
ווייסט נישט.

וויפיל יאָרן הונדערטער
שלאָגסטו דורך אין דיין זכרון!
וויפל יאָרן טויזנטער געדיינקסטו!

געדיינקסטו נישט דאָס קעסטעלע
מיט משה׳ן אויפן וואַסער?
געדיינקסטו נישט דאָס איילעניש
ביים לויפן פון מצרים?

ברייננג עס אויפן רעיון!

יעדן ספר וואָס דו לייענסט און לערנסט
פון די פריעסטע צייטן —
דערזעסטו דעם מהלך
פון דיינע אָפגייענדיקע ווייטן.

מיינסט דיין לעבן האָט זיך אָנגעפאַנגען
ווען דו ביזט געבוירן?

# איך בין אדם

דורך אַ פענסטער — גלאָצט א אישה.
זי איז „חוה".
חוה-תאווה.

דורך מיין פענסטער — גלאָצט אַ „אדם".
איך בין אדם.
תאווה-לאַווע.

חוה גלוסט אריין צו אדם.
אדם גלוסט אריין צו חוה.
ביידע גלוסטן.

ווער בין איך צו קענען וויסן,
וואָס מיר ביידע אדם חוה
זיינען אויסן.

איך וויים נאָר גלוסטן.

## טאַקע ?

די זון שיינט אויף אַלץ און זי זעט ניט.
דער ים שרייט געוואַלד און ער הערט ניט.
אַ ווינט לויפט אַרום און ער ווייסט ניט.
אַ בוים פאַלט אַוועק און ער פילט ניט.
אַ שטיין ליגט און רוט און ער טראַכט ניט.

— טאַקע ?
— ניין !

די זון שיינט אויף אַלץ און זי זעט.
דער ים שרייט געוואַלד און ער הערט.
אַ ווינט לויפט אַרום און ער ווייסט.
אַ בוים פאַלט אַוועק און ער פילט.
אַ שטיין ליגט און רוט און ער טראַכט.

— טאַקע ?
— ניין !

עס שיינט ניט קיין זון.
עס שרייט ניט קיין ים.
עס לויפט ניט קיין ווינט.
עס פאַלט ניט קיין בוים.
עס ליגט ניט קיין שטיין.

סע ווייזט זיך אויס יאָ,
צום סוף איז גאָר ניין.

טאַקע ?

# ווייס איך טאַקע נישט

וואָס אַזוינס די בוימער,
מיט די קליינע, מיט די גרויסע,
מיט די דאַרע, מיט די דיקע,
וואָס זיי שטייען,
וואָס זיי וואַרטן נאָכאַנאַנדער.

— ווייס איך?
— ווייס איך טאַקע נישט.

און ווער איז יענער ווינטעלע
וואָס טשעפּעט זיך צו בלעטעלעך
און טאַרקעט זיי מיט לופטעלעך
און סודעט זיי מיט פּליסטערלעך
נישט ווייט פון מיינע אויערן.

— ווייס איך?
— ווייס איך טאַקע נישט.

און וואָס אַזוינס די וואַסערלעך
וואָס יאָגן זיך געפּילדערדיק
און איילן זיך סכנות'דיק
אַ ריטשקעלע נאָך רעגענער
אוי גאָטעניו פאַרשפּעטיקן חלילה!

— ווייס איך?
— ווייס איך טאַקע אויך נישט.

# איך קען ניט פֿאַרשטיין

אַ בוימעלע בליט אויף אַ שטיין.
אַ שטיינדעלע ליגט זיך אַליין.
געבליבן אַ ביין פֿון אַ גאַנצן געביין.

אַ ווערבע געבויגן,
פֿאַרצוקט אין געוויין.

אַ מוראַשקע, קוים,
אַ שטויבעלע קליין.
שלעפּט זיך אַ צווייגל,
אַליין מיט די ציין.

ס׳איז אַלץ אַזוי קלאָר —
און איך קען ניט פֿאַרשטיין.

# ווען דו—ביזט דאָ

ניט אַזוי דער שאָדן —
ווי דער ווייטיק פון פאַרביי.
ניט אַזוי דער תירוץ —
ווי דאָס פרעגן איז כדאַי.

ניט אַזוי די תורה —
ווי דאָס אַכפּערן דערביי.
ניט אַזוי דאָס לערנען —
ווי דאָס זינגען איז כדאי.

דאָס וויגן זיך אין ניגון
איז שוין תורה סיי ווי סיי.
נגינה רעדט מיט אייביקייט,
ווען דו — ביזט דאָ דערביי.

# איך הער די וועלט

וועלט!

איך הער, ווי יעדע רגע איז פאַרנומען —
מיט אַ גרויס פאַרנעמען.

איך ווייס נישט וואָס אַזוינס די שעה'ן לערנען דיך —
איך הער זיי לערנען.

איך פאַרנעם דיין שטילקייט — ביזן דינסטן הערן.

די געשטאַלטענישן דיינע — שטערן ענדלאָז,
אומדערמידלעך,
אין דיין גרויסער, אין דיין הויכער, הימלדיקער
וועלט-ישיבה.

שטיקלעך גלאָז, האָלצער, שטיינער,
דאַכט זיך מיר אפילו קיינער —
הערן תורה, ווי סע זאָגט דאָרט ערגעץ איינער.

# אַלע — זענ׳ען וועלט

וועלט !

אַלע מינים, אַלע זאַכן אין דיין וועלט — איז וועלט.

דער שווערער טויבער שטיין — איז וועלט.
די גלאָצע לערע שויב — איז וועלט.
די דומע, פרומע קו — איז וועלט.
אַ שטויב איז גאַלע וועלט.
וואַסער איז אַוואַדע וועלט.

אַלע בוימער, אַלע בערגער, מדבר׳ס, אַלע ווינטן,
אַלע, אַלע אין דיין וועלט — איז וועלט.

זע די אויגן פון אַ חיה — וועלט.
זע דעם אָטעם פון אַ חיה — וועלט.

וועלט !
מענטש — איז אויכעט וועלט ?

# דאָס נייע בלעטעלע

מענטשן! גיט מיר אַפּ מזל-טוב!
היינט ביי מיר געבוירן געוואָרן אַ בלעטעלע.
וואָס זאָג איך „בלעטעלע" —
צוויי בלעטעלאַך!

ווייסט איר וואו?
אין אַ טעפּעלע.
אַ קליין, קליין טעפּעלע.

אַ שיינטשיק, חנ'טשיק טעפּעלע —

אַזוי ווי אַמאָל אַ גרויסער טאָפּ אַ קוגל,
פּונקט אַזוי דאָס קליינטשיק, שיינטשיק טעפּעלע —
אַ קוגעלע.

אַזוי ווי אַ גלעזעלע — די גרויס דאָס טעפּעלע.

באַשטייגט פון דאָרט אַ „דיקער בוים"
מיט לאַנגע צווייגן.

און באַדערביי, פון סאַמע גרונט אַרויס,
איך גיב אַ קוק —
צוויי בלעטעלאַך.

אַליין פאַר זיך באַוויזן זיך צוויי בלעטעלאַך.

איר מיינט אַליין צוויי בלעטעלאַך? —
די בלעטעלאַך אַרויסגעוואַקסן פון אַ שטעקעלע.

דאָס שטעקעלע — פונם טעפּעלע.
דאָס טעפּעלע — די גרויס אַ גלעזעלע —
איז אָנגעפּאַקט מיט סודות
טיף אין אירע אונטערגרונטן,
וואו מען קאָן ניט זען . . .

איר מיינט אַן אונטערגרונט
איז דוקא מיילן ווייט אַרונטער ?

איר זעט מיין טעפּעלע ?
די גרויס אַ גלעזעלע,
איז איבערפולט מיט זאַמדן און מיט שטיינער,
און מיט ערדן,
און מיט סאָרטן מינעראַלן,
אין די נידעריקע שיכטן,
ביז די טיפסטע אונטערגרונטן
דאָרטן וואו מען קאָן ניט זען . . .

מיין טעפּעלע — די גרויס אַ קוגעלע,
איז אַליין דער אומדערשעפּלאַכער,
דער אומדערקלערלאַכער,
דער אייביק פרוכפּערער,
געהיימפולער,
ערד־קוגל . . .

# גאָלע פרייד

דאָ, ביי מיין הויז,
באַשיידן און קלאָר,
א ביינכל און איך.

א בלעטעלע הוידעט,

אַן עפּעסל ברוידעט,

א פושקעלע קרובה׳ט,

די אייביקייט טובה׳ט.

יאָ, א פויגעלע טרילעט.

ליגט זיך א שטיינדעלע,
רוט זיך אַליינדעלע,
אַזוי ווי א קינדעלע.

איך — אויך.

אַליין מיר א קינדעלע,
אַליין מיר א שטיינדעלע,
אַליין מיר אַליינדעלע.

# אַן אומעטיק־פרײלעכס

שפּיל! שפּיל! אומעטיק־פרײלעכס!
רויש מיך אויף!
קוועל מיך אויף!

געלעכטער קוואַלט אַרויס פון האַרץ —
אַזוי ווי טרערן.
בײדע קוועלענישן — פון אײן קוואַל.

איצטער קוועל איך מיט אַ ווײנעניש — אַן טרערן.
איצטער מיר אַ אומעט —
מיט אַ נחת׳דיקן שמײכל.

שפּיל! שפּיל! אומעטיק־פרײלעכס!

# ווער לעבט לאַנג

אַ העלפֿאַנט.
קוים ער הויבט אַ פֿוס אין גאַנג —
לעבט ער לאַנג.

אַ גרויסער שטיין.
אים צו רירן — זייער שווער.
האַלט זיך טאַקע מער.

אַ פֿליג.
נאָכאַנאַנדער וויל־און־וועל —
פֿאַלט זי שנעל.

אויך דאָס זעלבע מיט אַ מענטש.
לעבט ער רוהיק — האַלט ער מיט.

אינגאַנצן זיכער — בין איך ניט!

# צוליב זיי איז די וועלט

דער אָרימער מענטש — מיין קאָלעגע.
מיין — פריינט.
מיין — חבר.

דער מענטש וואָס פאַרמאָגט נישט — איז הייליק.
אים — האָב איך ליב.

אַ הייליקער מענטש — ער איז אָרים.
אַ האַרציקער מענטש — ער איז עלנט.

דעם רייכן — שפּרינגט געלט פאַר די אויגן.
ער מיינט נאָר — מען וויל אים באַרייסן.
ער מיינט נאָר — מען וויל אים פאַרנאַרן.

דער אָרימער — האָט ניט און מיינט ניט.
פּשוט.

דער אָרימער מענטש האָט רייכע געדאַנקען,
שיינע אידייען —
דער וועלט צו דערפרייען.

אַ דיכטער מיט אָרימע לידלעך,
אַ פידלער וואָס קען אַ פּאָר שטיקלעך,
אַן איינזאַמער מענטש אַ פאַרבענקטער —
מיינע מענטשן.
מיינע צדיקים.

זיי — פאַרטיפן די וועלט.
צוליב זיי — איז די וועלט.

## „אלף־בית"

ווען איך וועל שוין גאָרנישט האָבן וואָס צו שרייבן —
וועל איך שרייבן.
שטילערהייט דעם אלף־בית.

פֿאַמייליכן.

פרום.

תמימות.

בנעימות.

א—ב—ג—ד.

יעדער אות — מיט גרויס כונה.

אַזוי ווי וואָרט — צום ערשטן מאָל אַרויסגערעדט.
אַזוי ווי אות — צום ערשטן מאָל אַריינגעקריצט.

איך וועל שרייבן — מיט'ן שווייגן וואָס אין מיר.

עס וועט זיין געזאָגט — פון גאָרנישט רעדן.
לויטער מיין.
אַזוי ווי שטיין.

ווי איך אליין.

# דריי לידעלעך

.1

די גאַנצע וועלט איז אויף אַ פעלד.
און אַלץ צעלייגט, און אַלץ צעשטעלט.

די רונדע ערד — אַ גרויסע טאַץ.
און אויף דער טאַץ — דער גאַנצער שאַץ.

.2

אַ דונער —
האָט אַ כוח צו געוואַלדן.
אָבער ווער דאַרף אים.

אַ קוואַל —
איז שטילערהייט צו פליסן.
און אַלעם צום געניסן.

.3

„אייביק"
האָט אויף אייביק
זיך אריינגעאייביקט
אין דער אייביקייט
און פאַראייביקט זיך
אויף אייביק.

# ווער עס וויל די וועלט דערהערן

ווער עס וויל די וועלט דערהערן
מוז ער זיין אין גאַס
און הערן אין דער שטיל.

עס מוז זיין זער שטיל
די וועלט צו קאָנען הערן.

וועלט איז אַלעמאָל באַגייסטערט.

רעדט אַן אייגן לשון.

גאַפט ווי טאַמעוואַטע.

יעדער שאָרך — צום גרויסן איבערראַשן.

וועלט געדענקט פון אייגענע געטרעפעכץ,
וואָס זי קען עס ניט פאַרגעסן.

געדענקעכצן פון צייטענישן לאַנג צוריקער.

נאָר זי רעדט דערמאָנעניש,
געוועזעניש.

זי שאָקעלט מיט די בלעטער אויף די ביימער,
פון געדעכעניש.

װעלט האָט גרויסע איבערלעבונגען,
געדענקט זי,

האַלט אין איין דערמאָנען אויף דער עלטער
װאָס מיט איר אַמאָל אין יענע װײַטע יאָרן
האָט זיך אָפּגעטאָן.

זי קען זיך נישט באַרואיקן
פון זינט זי איז צו זיך געקומען
און געװאָרן װעלט.

עס מוז זײַן זייער שטיל
די װעלט צו קאָנען הערן.

## ווער איז ווינט?

ווער איז ווינט? —
אַ ווינט איז איינער.
אפשר טויזנט,
אפשר קיינער.

ערשט אַ ווינט —
און באַלד שוין גאַרנישט —
ווידער ווינט —
און ווידער גאַרנישט.

רו אַ רגע —
שוין פאַרלוירן.
אין אַ רגע —
ניי געבוירן.

אינ'ם רגע'לע
פאַרלוירן —
קריגט ער כוח
צו געבוירן.

נאָכן מונטערסטן
דערהויבן —
מוז ער פאַלן
צו די שטויבן.

ווינט פֿאַרזייט
אין פֿעלד די קערן,
און ער ווייסט נישט
וואָס וועט ווערן.

איינער מערער,
איינער מינדער,
אַלע פֿלאַנצן —
זיינע קינדער.

פֿליט דער ווינט
אין גאַלע ציטער —
טאָמער טרעפֿט זיי
אַ געוויטער . . .

אַלע וויטן
פֿירן שמועסן, —
ווינט צעטראָגט
און ברענגט זיי גרוסן.

אַלע וועלדער —
זיינע היימען,
ווינט צעפֿעכערט
וועלט-געהיימען.

טרעפֿט דער ווינט
אַ בוים געפֿאַלן —
שפּילט ער אויף:
נישטאָ פֿאַרפֿאַלן!

טרעפט דער ווינט
אַ בוים געבאָרן —
שפּילט ער אויף:
אויף לאַנגע יאָרן!

שטייט אַ ביימעלע
געבויגן —
ווייזט אים ווינט
צו זיין געהויבן.

קוקט אַ ביימעלע
מיט אומעט —
כאַפּט אים ווינט
מיט פרייד אַרומעט.

דורשטן ביימער
פאַר אַ רעגן —
פירט ער וואָלקנס
זיי אַנטקעגן.

ציט די ביימער
צו אַ דרימל —
פליט דער ווינט
אַרויף צום צום הימל.

ווינט׳ס אַ ווייז,
און ווינט׳ס אַ רמז —
לויטער טובות,
סאַמע אמת.

# אַ בוימעלע הערט

אַ בוימעלע קליין —
אַ פינגער די גרויס,
דערציט זיך אליין —
פון חושך ארויס.

אַ בוים — אַ פאַרשוין —
שוין אַלט אַ וואָך דריי,
ער שטייט אין זיין וואוין,
און קוקט אויף דער פריי.

פון הימל — די זון,
און זאַפט פון דער ערד,
דער בוים איז פאַרטון —
ער הערט — ווי ער ווערט . . .

# אַ ווינט אין וואַלד

ווינט צעפליגלט וואו פון וואַנען —
ווערן פריילאַך אַלע שטאַמען.

בוימלעך צוויי — געאַרעמט ריידן:
ווינט באַהאַפטן האָט אונז ביידן.

פעכערט זיך אַ וואַלד-וואַזאָנע:
ווינט פאַרטרייבט די מאָנאָטאָנע.

שאָקלט זיך אַ דעמב פאַמיילעך:
מיטן ווינט איז יעדן פריילאַך.

זינגט אַ גרויסער בוים דערנעבן:
ווינט באַווייזט זיך — ווערט אַ לעבן.

שלאָגט אַ ריטל זיך געבויגן:
אויב געלעבט — זאָל זיין געפלויגן.

רוישן צעדערס פונדערווייטן:
ווינט צעבלעטערט אוראַלט צייטן.

שאַלט אַ סאָסנע: בוימער, ברידער!
ווינט צעפלאַטערט נייע לידער!

קוועלט אַ בוימעכע און פלאַפלט:
אַלט, צי ניי, אַבי סע צאַפלט.

נעמט אַ טענענבוים זיך וויגן:
ווינט איז אייביגקייט'ס אַ ניגון.

שרייט אַ בוים: הערט אויף צו שטערן:
אַלע שרייען — ווער קאָן הערן?

ווייזט אַ צווייטער מיט די צווייגן:
לויטער חידוש — ווער קאָן שווייגן!

שרייט אַ דריטער: ווער דאַרף הערן?
אַלע אין דעם כאָר געהערן!

קלאַפּט אַ ריז מיט גרויסע בלעטער:
שטאַרקער ווינט איז אונזער רעטער.

זוכט אַ בוים דעם ווינט צו שאַצן:
מיינע בלעטער — זיינע טאַצן.

פּאַטשט דער וואַלד מיט אַלע בלעטער:
אַלע ביימער זיינען גלעקער.

ווינט געקומען אונז צו ווייזן:
שטייענדיק — אַרומצורייזן.

ווינט אין וואַלד — איז וועלט'ס שליח —
אונזער פריילאַכער משיח!

# דער וויסטער שטורעם

שטורעם ברויזט מיט ווילדן וויסן:

אויב אַ קוש — זאָל זיין געביסן.
אויב אַ גלעט — זאָל זיין געשמיסן.
ווערט זיך ווער? — אַ־רויס־געריסן!

גיט זיך אונטער ווער מיט גוטן? —
אויס־צו־ראָטן!

נישט מיט גוטן,
נישט מיט בייזן.
אומצוקומען —
איין דערלייזן.

שטורעם.

אַ פאַרוויסטעניש אינגאַנצן.
וויי און ווינד צו אַלע פלאַנצן.

זאָל מען שרייען,
זאָל מען וויינען,
זאָל מען גרויסן זיך און קליינען —
קיין רחמנות ניט אויף קיינעם.

שטורעם.
קעגן אים — איז יעדער — קיינער!
בלויז — ער איינער!

וואו אַ קווייטל פליקט ער אוים —
און לאַכט זיך אוים:

— — — — — — — — — — — — — — — —

וואָס מיר בלום,
און וואָס מיר רויז?
אַ רים! — און אוים!

בוימער קראַכן אויפן פעלד —
און שטורעם קוועלט:

איך — בין — שטורעם!

שטורם קאַטעווועט די וועלט!

האַס — און שפּאַט — איז זיין געבאַט!

צעשטער! — איז זיין גענאַד!

שטורעם!

# אַ בוימעלע, נעבאַך . . .

וואַרפט זיך אַ בוימעלע
אייניק־אַליינִיק
הויטיק און ביינִיק.

אַ בוימל פאַרצוואָגן,
פאַרווייעט דערשלאָגן,
מיט ווינטיקע פלאָגן.

דאָס קערפערל נאַקעט,
איינגאַנצן אָן בלעטער,
אַ שווידערלאַך וועטער.

סע טענה'ט מיט זיפצן,
אַזוי ווי מיט לעפצן,
מיט אידישע קרעכצן.

געוואַלד וועל איך שרייען!

ראַזבויניקעס ווינטן!

צעברויזטע ממזרים!

צעלאָפּענע לויפערס!

פאַרשייטע כאַפּ־לאַפּערס!

גזלנים צעשטערער!

וואָס — נאָך — ווילט איר — האָבן פון מיר?

# גראָזן

גראָזן — וואוהין די ווינטן בלאָזן.

אַליין אַ מיין — ניין.
יעדער ווינט איז זייער מיין.

אַ ווינטל בויגט זיי לינק,
אַ ווינטל בויגט זיי רעכט.
אויף דער דעה גרינג,
יעדער ווינט — גערעכט.

אַלע ווינטן וועקן אויף.

אַ ווינט אַראָפּ, אַ ווינט אַרויף,
אַ ווינט אַהין, אַ ווינט אַהער,
אַ ווינט אַ גלעט, און באַלד אַ שטער.
יעדער טענה'ט איך בין „דער",
נישט ווי „יענער", נישט ווי „ער",
איך בין גרעסער, איך בין מער,
איך בין בעסער — איך בין שווער!

טראַכטן גראָזן,
וועמען ווינטן טוען בלאָזן:
ווי־זשע ווייסט מען ווער איז ווער?
ווער איז „ער"? און ווער איז „דער"?

גראָזן — וואוהין די ווינטן בלאָזן.

# אַ וואַלד רעדט

בוימער רוישן מיט די בלעטער —
וועגן וואַלד און וועגן וועטער.

זאָגט אַ הויכער בוים אַ טרוימער:
אַ רחמנות אויף די בוימער.
בוימער פאַרנט, בוימער הינטן,
אויסגעשטעלט צו ווילדע ווינטן.

ווייזט אַ בוים אַ האַלבן אָרעם:
אוי, דערמאָנט מיר ניט קיין שטורעם.

ווינקט אַ בוים מיט בלעטער־אויגן:
ליגן דעמבעס — אויסגעצויגן.

זיפצט אַ בוימעכע אַ קלאָרע:
יעדע בורע איז אַ צרה.
שטורעם, וויכער, זאַווערוכע,
אַלע שטורעמס — איין משפחה.

כאַפּט זיך אויף אַ קראָפּעוואַכע:
שווייג, דו וויסטע וואָקסעוואָכע,
איך האָב ליב אַ זאַווערוכע.
מילדער ווינט — באַפרידיקט גראָז,
מיך דערפרייט אַ ווילדער בלאָז.
ווינט פאַרוויגט אונז אַי־לע, לו־לע,
שטורעם ברענגט אונז די גאולה!

פרעגט אַ דאַרער בוים אַ בייזער:
אַ פאַרוויסטער — אַ דערלייזער?...

שרייט אַן אַלטער בוים אַ שרייער:
גאָט, באַפריי אונז פון באַפרייער.
זאַפט פון ערד, און זון פון הימל,
קאָן מען אייביקן אין דרימל.

רופט אַ בוים פון וואַלד פון טיפן:
בוימער! לאָמיר זיך פאַרטיפן!
הינטער נעפּעלע וואָלקן —
גרייט זיך שטורעם צו באַפאַלן!
ניט אַליין — מיט אַלע וויכער...
לאָמיר ווערן איינס — וואָס גיכער...
שטאַרקט די הענט און שטאַרקט די ריפּן.
אונטער־ערדיש זיך פאַרקניפּן.
קומען שטורעמס — רירט זיך קיינער.
אַלע בוימער — פעלזן־שטיינער.

שטעכט אַ נאָדלבוים אין ציטער:
הערט שוין אויף מיט שרעק געוויטער.
וועטערן פאַראַן פאַרשידן.
לאָמיר רעדן וועגן פרידן.

זוכט אַ לינדנבוים צו לינדן:
וואַלד איז וואַלד נאָך אַלע ווילדן.
שטורעמס הייַנט, און שטורעמס מאָרגן —
בוימער וואַקסן אין פאַרבאָרגן.
יעדער שטורעם גייט אַריבער —
און די וועלדער — בלייבן איבער...

# אַ בוים — אַן אָפּטימיסט

שטאָלצט אַ בוים אין וואַלד:

וויפל דורות איך בין דאָ שוין אויסגעשטאַנען!

אַלערליי געוויטערס האָבן זיך אויף מיר געוואָרפן —

מיך, דעם אַלטן, אומצעוואַרפן.

מיך, דעם זקן — צו פאַרצוקן.

מיך געבויגן און געצויגן.
מיך געצוואונגען צו פאַרנויגן.
— פונם באָדן — ניט אַרויסגעצויגן.

ניט אַ טראָטעלע פון דאַנען.

וואו — מיין שטאַם — איז איינגעוואָרצלט —
דאָ — בין איך — פאַראַנען.

אין פאַרבאָרגן מיט די שטאַמען —
שלים איך זיך מיט אַלץ צוזאַמען.

אין די בוימעלאַך פון וויטן —
זע איך איצטער מיין פאַרצייטן.

מיין פאַרטראַכט — אויף זייערע צווייגן.
מיין באַנעם — אין זייער שווייגן.

איך בין דאָ — צו בלייבן.

זאַוועררוכעס — אויפצעלאָכעס —
וועלן מיך פון דאַנען ניט פאַרטרייבן.

איך בין דאָ אין וואַלד —
אַרייננגעוואַקסן מיטן וואַלד.

מיך — דעם זיידן פון דער וועלט —
וועט מען ניט פאַרלענדן פון דער וועלט.

# דער „ווײנענדיקער בוים"

אַ טראַווערדיק געשטאַלט —
אין וואַלד.

אַ גרויסער בוים איז אײנגעבויגן,
מיט די צעפּ
אַראָפּגעצויגן.

אָפּגעטײלט פון אַלע בוימער.

ער — אַ בוים — אַ טיפער דײנקער.

שווער באַוואויגן צו דער ערד.

וועלט-פאַרקלערט.

קלערט דער בוים:

דאָס ליד פון אַלע פױגעלאך —
איז אײן געשרײ.
אײן געשרײ — פאַר צווײערלײ.
פרײד און ווײ.
מערער ווײ . . .

זינגען אַלע פױגעלאך:
צווײ-צווײ.
צווײ-צווײ . . .

קלערט דער בוים:

אַ בוים דערפרייט זיך מיט דער זון,
וואָס ווערט דערפֿון.
נאָך אַ בליט,
און נאָך אַ צווייט,
דער האַרבסט זאָל האָבן וואָס צו טאָן.

קלערט דער בוים:

אַפילו נאָך אַ טויזנט יאָר,
איז אויך ניִשט מער —
ווי נעכטן — ביז אַהער.
דער גאַנצער נס —
פּאַסירט אין איין מעת-לעת.

צום אָנהויב — לאַך,
דערנאָכדעם — שמאַך,
צום סוף — אַ סוף צו יעדער זאַך.
לאָז געמאַך.

— אַ טראָווערדיג געשטאַלט אין וואַלד.

# אַ בוים — אַ פילאָזאָף

שטייט אַן אַלטער בוים אין פעלד.
טראַכט דער אַלטער אין זיין טיפן עלטער:

אַן אייביקייט איך בין שוין אַלט —
און ווער ניט עלטער.
אַפילו עלטער ווערן — ווער איך שוין ניט מער.

אין פרילינג בלי איך נישט,
אין אָסיען וועלק איך נישט,
אַזוי ווי גאָרנישט.

קומט אַמאָל אַ פויגעלע צופליען —
פליט זי באַלד אַוועק.
אַ גרייז, אַן שפּייז, ווער דאַרף אים.

נייע ווינטעלאַך באַטאַפּן מיך:
הו! ווער איז „דער״?
און איך הער זיי סוד'ן זיך:
ער לעבט נישט מער.

אין אַ כמורנע שעה — קומט די שוואַרצע קראַ.
זעצט זיך אַן אויף מיר —
און קראַקעט, און באַלאַקעט, און טראַלאַקעט,
אַן אַ שיר.
וועגן דער פאַרפלייצעניש מיט יאָרן פריער.
און אויף שפּעטער — זעט זי שוין פאָרוים —
נאָר אַ מורא'דיקער וועטער. —
אַ געפערלאַכער געוויטער.

גראָזעלאַך באַדויערן מיין אָפּגעלעבטן לעבן —
אין פאַרטראַכטן וויגן זיך.
זיי באַשפּרעכן פאַרכטיקייטן וועגן מיר:
אַ פּנים גאָר ניטאָ אויף אַלעמאָל.
אפילו גרוים — לאָזט זיך אוים.
ריזן פון אַמאָליקע אַמאָלן —
ווערן אויך אַמאָל צעמאָלן.
אונזער בוים צעפאַלט — פון צופיל אַלט.
שוין ניט מער קיין בוים —
גאָלע טרוים.

# אַ וואַלד־לידעלע

וואַלד — אַ וועלט —
פון אַלערלייען.
דאָ אַ פרייד,
און דאָרטן וווייען.

דאָ אַ סאָסנע —
הויך געצויגן.
דאָרט אַביימל —
איינגעבויגן.

דאָ אַ קווייטעלע —
אַ מילדע.
דאָרט אַ קראָפּעווע —
אַ ווילדע.

וועמען ערגער.
וועמען בעסער.
גאָר דער גרעסטער,
וויל זיין גרעסער.

אויף דער ערד —
פאַר יעדן ווייניק.
אינעווייניק —
אַלע איינציק . . .

# פרילינג פלאַטערט

פרילינג פלאַטערט:
וואַרט אויף נאָך.
היינט אַ צווייט —
אַ בלום דערנאָך.

זאָגט דער זומער:
נאַ דיר נאָך,
און טראָג די פּעק
אין שווערן יאָך.

זיפֿצט דער אָסיען:
אָך־אָך־אָך,
אַ ציפּ אין ריפּ,
אַ שטאָך אין קנאָך.

בלאַנקט דער ווינטער
אויפֿן בראָך:
שוין אַ סוף —
מער נישט נאָך.

שמייכלט פרילינג
באַלד דערנאָך:
נישט געזאָרגט —
דערנאָכדעם נאָך.

# אַ שטיין אין פעלד

אַ שטיין אין פעלד —
אַ גרויסער פּעסימיסט.
אַ שווערער פילאָזאָף.

ניט פאַר זיך — און ניט פאַר יענעם.
ניט פאַר אַלעם — ניט פאַר איינעם —
קיינעם.

זיך אַוועקגעלייגט און ליגט.
איינגעקנאָטן זיך און דריקט.

ליגט אַ הוילער, אָן אַ העמד,
און ניט ער גיט, און ניט ער נעמט.

ער נעמט נישט איין קיין ברויזל שניי,
ער טרינקט נישט אויס קיין טראָפּן טוי.
אַזוי.

אַ שטורעם בוכטשעט אים אין פּלייצע —
בוכטשע.

אַ רעגן פּליאַסקעט אים אין פּנים —
פּליאַסקע.

אַ האָגל שפּרינגט אים אויפן שטערן —
שפּרינג.

אַ שטיין.
ניט באַרוישט אין פרילינג,
ניט ענטווישט אין הערבסט.

אַלעמאָל אַלצאיין.

מיט אַלעמען — אַליין.

ניט צו בליען — ניט פאַרגיין.

ער ענדערט ניט זיין מיין.

איינמאָל ניין איז ניין.

שטיין, וואָס טוסטו דאָ?
— איך רו.

ביז וואַנען ווּעסטו רוען?
— ביזן סוף פון אַלע שעה'ן.

נו, און שפּעטער?
— פרעג אין הימל ביי די געטער.

שטיין!
טו זיך כאָטש אַ שאָקל!
כאָטש אַמאָל אַ וואַקל!

— ניין:
אַלץ וועט ווערן שטיין —
אין ענדלעכן סך־הכל!

# ישיבה אויפ׳ן פעלד

1

זומער בייטאָג.

אַ פעלד מיט שאָקלדיקע זאַנגען.
די זאַנגען וויגן זיך אין אויפגעלויכטענעם פאַרלוירן.

אַן אָפענע ישיבה.

אויבנאָן אַ גרויסער בוים — דער ראש ישיבה.
דער רבי־בוים לערנט מיט די זאַנגען, די תלמידים.
מיט רמזים — נאָך באַדייטער פון די ווערטער.
מיט האַוואַיעס — נאָך דערהויבענער פון תפלות.

זאַנגען!

ניט פון אַלע קערנער זיינען אויפגעגאַנגען זאַנגען!

מ׳יר ווייסן ניט צו ציילן די פאַרלוירענע.

פילע זאָמען זיינען ניט געוואָרן
אויף די וועגן דאָ אַהער.

אויך ניט אַלע זריעה׳ס איז באַשערט
אַרויסצעוואַקסן פון דער ערד.

דעם — אַ שטיינדעלע פאַרשטערט.
דעם — אַ שטרויעלע פאַרווערט.
דעם — אַ ווערימל פאַרצערט.

אפילו די וואָס וואַקסן שוין —
באַקומען ניט דעם זעלבן לוין.

אַ שטאַמל נעבאַך ניט געראָטן —
אויפגעצויגן זיך אין שאָטן.

אַ פריילאַך בליטעלע,
געגרייט זיך באַלד צו זיין אַ רויז —
אַרויף אויף איר אַ בייזער ווינט,
און מיטאַמאָל — אַ רים און אוים.

דאָ האָט גאָר די זון אַליין,
מיט צופיל ווארעמקייט און גלאַנץ —
פאַרלענדט אַ בליענדיקן פלאַנץ.

אַ זאַנגל האָט אריינגעשפּאַרט
אַ שטיקל פּנים אין דער וועלט —
און העכער גייט עס ניט.

אַ צוויטל האָט זיך איינגערעדט
פון אים וועט זיין אַ גרויסער בוים —
אַרויסגעשפּראָצט אַ ריטל קוים.

אַ שטאַנגל דאַרט שוין וואָכנלאַנג
און נערט זיך מיט געדעכעניש —
ער איז אַמאָל געווען אַ זאַנג.

אַ דעמב, איינגאַנצן צו דער ערד געבויגן,
איז די ערד — זיין גאַנצע פרייד.
ווייסט ער גאָרנישט אַז פון אויבן —
איז אַ הימל אויסגעשפּרייט.

דאָ — אַ שוואַכע ווערבע —
האָט פאַרוואונדעט איר אַ בליץ.

דאָרט — אַ שטאַרקע סאָסנע —
איז געפאַלן פון אַ דונער.

אַ קאָרן־זאַנג — אַ זקן —
שוין אײַנגאַנצן גרוי און אויסגעליידיקט.
קוקט ער אויס דערשלאָגן און באַליידיקט.
אַ פאַרגעסענער פון פריערדיקן דור.
ער שאָקלט זיך מיט אַלע יונגע זאַנגען אויפן פעלד,
און מען קען אים קוים דערהערן
אינם זינגענדיקן כאָר.

און דער רבי בוים פאַרענדיקט:

זאַנגען!

ניט פון אַלע קערנער ווינען אויפגעגאַנגען זאַנגען.
אפילו די וואָס וואַקסן שוין —
באַקומען ניט דעם זעלבן לוין.

די ווינטעלאַך צעכאַפּן די קבלה
אין אַ פאַרכטיקער בהלה,
און צעטראָגן עס צו יעדן זאַנג באַזונדער,
און אַלע וויגן זיך אין וואונדער:
האַ—האַ———האַ———!

# ישיבה אויפ׳ן פעלד

2

שטייט אַ בוים אין פעלד,
און פאַר דעם בוים — אַ וועלט מיט ווייגנדיקע זאַנגען.

רעדט צו זיי דער בוים:

זאַנגען!
ווען די שעה וועט קומען,
און איר וועט אָפּגעשניטן ווערן פון דער וועלט —
וועלן אויסוואַקסן אַנדערע נאָך אייך.
מעגלעך ווייץ, און אפשר האָבער,
ווער קען וויסן דורות איידערן פאַריבער.

נאָר ווי מען נעמט אייך צו פון דאַנען —
הערשט אַן אימה אויפן פעלד.

עס קומען דאָ די ווינטן אייך צו טרעפן —
און זיי שטוינען אויף דער ליידיקייט
וואָס האָט געטראָפן.

די ווינטן וועקן מיך: בוים!
וואו די אַלע זאַנגען אויפן פעלד?
ערשט נעכטן דאָ געשטאַנען זאַנגען!
אַ פולע פעלד מיט זאַנגען, גרויסע, קליינע!
אוי, וואָס האָט דאָ געטראָפן —
וואָס מען קען זיי מער נישט טרעפן?

איך שטאַמל ציטערדיק:
מענטשן... „יענע וועלטיקע"...
אַוועקגענומען זיי „אויף יענער וועלט"...
איך בלייב אַליין אין פעלד,
אַזוי ווי דאָ צו שרעקן ווערן מיך אַוועקגעשטעלט.
עס נעמט מיך אָן אַ גרויל —
פון נאַקעטקייט און הויל.

עס בלאָזט אויף מיר אָן עלנטקייט
מיט פאַרכטיקע באַגריפן.
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —
זאַנגען!...

# פיר בלומען

פיר — בלומען — אין פעלד —
שטייען און ריידן.
יעדע דערציילט —
פון ווינטיקע פריידן.

אַ בוים באַ דער זייט —
זעט ער מען טענה׳ט.
וואָס זאָל ער טאָן —
הערט ער זיך איינעט.

אַ הויך־שלאַנקע בלום —
טוט זי שטאָלצירן.
מיך — שלעפּט דער הינט —
ער וויל מיר פאַרפירן.

אַ בלוט־רויטע בלום —
שמייכלט זי מונטער.
מיך — קושט דער ווינט
פון קאָפּ ביז אַרונטער.

אַ קלאָר־ווייסע בלום —
רעדט זי גאַנץ אָפן.
מיך — וועקט דער ווינט —
ער וויל מיט מיר שלאָפן.

באַרימט זיך די רויז —
מערער פון אַלע.
מיר — זאָגט דער ווינט —
אַז איך בין זיין כלה.

דער בוים הערט די רייד —
שטוינט ער מיט בלעטער.
גיי גלויב אַ ווינט —
אַז אַלעמען גלעט ער!

# זאַנגען אויף הפקר

אַרויסגעוואַקסן זאַנגען
זאַנגעלאַך
געזאַנגעלאַך אויף הפקר.

אינמיטן פעלד,
אויף אַנהויב פעלד,
אויף ענדע פעלד,
זיי זיינען דאָ.

ווער פאַרזייטע,
וואָס פאַרזייטע,
ווען פאַרזייטע,
ווינט׳ס צעשפּרייטע,
ווינט׳ס דערפרייטע.

זיי וועלן זיין,
זיי מוזן זיין! —
זיי זיינען דאָ!

ניט קיין ווייץ און ניט קיין קאָרן.
וואָסער ווייץ און וואָסער קאָרן?
אַזוי געוואָרן.

אַרויסגעוואַקסן זאַנגען
זאַנגעלאַך
געזאַנגעלאַך אויף הפקר.

ניט פאַר מענטשן,
ניט צום בענטשן,
אָן אַ ברכה — מיט הצלחה.

ניט קיין שניטער זיי צו שניידן,
די פֿאַרשניטער זיי פֿאַרמיידן,
זיי פֿאַרבלייבן.
איבער זומער,
איבער אָסיען,
איבער יאָרן,
מיט געפֿריילעכץ אין זכרון.

שיינע זאַנגען,
שלאַנקע זאַנגען,
נאָך מיט קריינדעלאַך באַהאַנגען,
נאָך מיט גלעקעלאַך באַקלאַנגען.

אַרויסגעוואַקסן זאַנגען
זאַנגעלאַך
געזאַנגעלאַך אויף הפקר.

# אלול אויפן פעלד

הויכע גראָזן,
שטאָלצע גראָזן,
איינגעבויגן
מיט די נאָזן.

וושוקעכיכע —
שלעפּעכיכע,
זאַרגעכיכע,
ווײ־מיך־איכע.

מערעזשקוניו —
גרובעניוניו,
לויפערוניו,
טיפערוניו.

ווינטל־וואַנדל,
ווינטל־וואָגל,
בלעטל־גלעטל,
סוד׳ל־זאָגל.

וואָס מיר זאָנגען,
וואָס מיר גראָזן.
לשון ווינטן:
אַלץ צעבלאָזן.

פלאַנצן מידע,
פלאַנצן מאַטע.
אַלע פרומען:
„ברוך אתה״ . . .

אָסיען־גאָסן,
וואָס אַ וואַקסן!
כליאַפּע־טראַפּע,
רעגן שלאַקסן.

דריי זיך הינער,
דריי זיך הערער.
ווערסט נישט גרעסער,
ווערסט נישט מערער.

פרעג אַ שאלה —
און אַ תשובה.
יעדע וואָוקס —
און אַלטע באָבע.

נאָר געשאָקלט,
נאָר געוואַקלט.
ניט באַרעכנט,
ניט סך־הכל׳ט.

# די וועלט רעדט צו פלאַנצן

(אַסיען צייט)

קינדערלעך!
זאָגט די וועלט צו אַלע אירע בוימער,
זאַנגען, גראָזן,
און צו אַלע די געוויקסן.

אַ גאַנצן זומער האָט איר, קינדערלעך,
ביי מיר „געלעבט אַ טאָג".

ביי מיר געקראָגן פון דאָס שענסטע
און דאָס בעסטע.
אייך ניט אָפּגעגאַן חלילה אויף אַזויפיל־אַ.

אייך געקאָרמעוועט מיט אַל־דאָס־גוטס.
מיט ווינטן פון די בלאָזטע,
און מיט רעגענער די קרומסטע.
פון טוי איז אָפּגערעדט.
וואָס שייך שטראַלן —
קען איך אייך פאַרזיכערן,
פון דער סאַמע שכינה.

אין גרעסטן חושך —
אייך לעגענדעט מיט די בליצן.

אין העלן מיטן —
אייך באַ'נביא'ט מיט די דונערס.

אייך געקעכלט און געפּרעכלט
און אייך צוגעטיילט פון אַלץ
וואָס נאָר די וועלט פאַרמאָגט.
אין אירע הימלדיקע סקלאַדן.

ניט געזשאַלעוועט,
צו געבן אַלץ לרוב, און נאָך מערער ווי לרוב.
די טייכן אייך צעכראַסטעט
און צעפּלאַסן און צעגאָסן מיט אַ שפע
נאָר מיט שעפּעלאַך צו שעפּן,
נאָר מיט צעבערס אָנצופילן,
מיט פּאָלומיסיקס צו מעסטן.
צו באַפּעטן און צו פּיטערן
די פּלאַנצן אויף די וועגן, אין די ווייטן,
אויף די פעלדער, אין די וועלדער,
אין די טאָלן, די געבערגער,
די פאַרבאַרגנס, די באַהאַלטנס,
וואו אַ גרעזל טוט זיך האַלטן,
אונטער שטיינער, צישן פעלזן,
אין די דאָרנס, אין די שפּאַלטן,
אין די שפּליטער,
וואו עס שפּאַרט אַרויס אַ ריטל,
אַ געבליטל, אַ געצווייטל,
או — — — מע — — — — טום.

איצט איז חודש אלול.
סע ווערט פון אַלץ אַ תל׳ול.

קינדערלאַך!
איר אַלע בלייבט מיט מיר!
ניטאָ קיין ערגעץ אַנדערש אויסער מיר.
איך בין אייער מאַמע.
איך בין אייער טאַטע!
וועלט!

# „כל נדרי" אויף די בוימער

(אָסיען צייט)

איך זע שוין אויף דער בלייכקייט פון די בוימער —
ווי סע גייט אויף זיי.

עפּעס זענען זיי מיר לעצטנס —
נישט — — — די — — — בוימער.

גאָר אַן אַנדער מראה.
גאָר אַן אַנדער וויגן.

אָפּגעקערט פאַרטראַכטער.
פרעמדענער־באַדאַכטער.

זיי רוישן טאַקע מיט די ווינטן —
אָבער ניט — דעם — רוישן.

באַהיטע גאָט,
ניט אויסצורעדן אין אַ שלעכטער שעה,
איך וויל ניט ברענגען אויפן לשון.

די זון איז דוקא דאָ אויף זיי,
און בלעטעלעך אַ סך נאָך אויף די בוימער.
זי באַשיינט זיי,
זי באַלויכט זיי,
און זי גלעט זיי.
און זי פּיבערט איבער זיי
מיט אַלע פלאַטערדיקע צאַפּלען,

אָבער עפּעס לייגט זיך ניט די בוימער אויפן זינען.

עס באַקומט זיי ניט אַפּנים, מער די שפּילערייען.

א ווילעניש צוזאַמענהאַלטן די געביינען.
זיך צונויפצוטוליען.
אָבער דוקא יעדעס ביינדל שפּאַרט באַזונדער,
זיך אַליין באַקלערן און סך־הכל׳ען.

דער בוים אַליין דערקענט ניט זיינע בלעטער:
טאַקע מיינע?
ער קוקט אויף זיך אַליין מיט בייזער ליבע:
פלאַנץ! דו האָסט מיך אָפּגענאַרט!

די בוימער דומענען
מיט לאַנגע שווער באַוועגטע לאַפּעס אַנגעהאָרבעטע
אין הערבסטער וועלט אריין
און גרייטן זיך צו שטורעמען
קאַ—אַל——ני—י—י—יד—ריי!!!

# דער בוים איז געבליבן

א ווינט רייסט א בוים
פון אלע זייטן,
ער וויל אים ארויסרייסן —
ער קען ניט.

פרואווט ער נאכאמאל —
ער קען ניט.
טרייסלט אים דער ווינט
אהער, אהין —
סע גייט ניט.

זאגט דער ווינט:
נו,
איך רו מיך אפ.

קוועלט דער בוים:
שוין,
א סוף צום ווינט...

כאפט זיך אויף דער ווינט און שטורעמט:
„שוין?
אט ווייז איך דיר א שוין!"

ארויף אויפן בוים
און ער וואזשעט אים אראפ
מיט די צווייגן געשטרעקט
ווי א גאנז מיטן האלז...

ער צאָרנט אים אין פּנים
און בושעוועט צעדרייצט:
איך — וועל — דיך —
אַרוים — רייסן!

זעט שוין דער ווינט —
סאַ מעשה אָן אַ סוף!
שלעפּ אים אַראָפּ,
און צי אים אַרויף,
דער בוים שטייט!

גיט ער אים אַ שמיץ,
דעם בוים אויפן שפּיץ,
מיט כעס און מיט האַס,
וואָס ער האַלט זיך אין שטאַם...
און דער ווינט פאַרשווינדט.

בלייבט שוין דער בוים —
אַ דערפרייטער, צעשפּרייטער,
מיט ווינטעלעך אַליין...
און זיי „ווינטשן" דעם ווינט:
צעפּראַך אויפן ים!
און קום ניט מער צוגיין!

# בוימער אין ווינטער

בוימער בלייבן אויף די ערטער,
בלעטער לאָזן זיך מיט ווינטן.
און די אַלע בוימער נעבאך —
ווינטערן אַליין פון הינטן.

צו באַשרייבן זייער עלנט —
דאַרף מען זיין אַ בייזער „טוטער".
אַלע בלעטעלעך צעפלויגן,
ווי זאָל אויסזען אַ מוטער?

הויל און נאַקעט יעדער צווייגל,
צו די וואָלקנס מיט די האָרבן.
יעדער בוים באַטראַכט אַ צווייטן;
יענער בוים — שוין לאַנג געשטאָרבן.

אַז ווי אַנדערש זאָל מען טראַכטן?
אַז ווי אַנדערש זאָל מען מיינען?
אַז מען הערט פון אַלע זייטן —
ווי די ווינטן זיי באַוויינען!

# בלעטער פון פאַריאָרן

פליען בלעטער פון פאַריאָרן,
און זיי פליסטערן צוזאַמען:
לאָמיר פליען, לאָמיר ציען,
צו דעם בוים — צו אונזער מאַמען!

רעדט אַ בלעטעלע דערשראָקן:
בעסער פאַלן אין אַ ברונען,
איידער פליען צו דער מאַמען,
און די צרות איר דערמאָנען.

גיט אַ בלעטעלע אַן עצה:
לאָמיר זען איר פון ווייטן,
אויב זי שטייט נאָך דאָרט אינגאַנצן,
פון די שטורעמדיקע צייטן.

יאָגט זיך אָן אַ בייז געוויטער,
און ער טרייבט זיי: איך צעשמעטער!
וויניק מיסטן פון די נייע,
דאַרף איך נאָך פון אַלטע בלעטער!

# דאָס גריבעלע

געלעגן איז אַ גריבעלע,
אין זאָרגן איינגעגראָבן.
אַלע האָבן קינדערלעך,
פאַרוואָס קען איך ניט האָבן ?

באַלד דער זומער אויך אַוועק,
ווי צו מיינע יאָרן.
טאָג און נאַכט אין הוילע שרעק,
צו וואָס בין איך געוואָרן ?

אומעטום מיט פלאַנצונגען,
אַ וויגעניש, אַ טומל.
ליג איך דאָ אַן עלנטע,
פאַרלאָזן פונעם הימל.

גוטער, ליבער, מלאך מיינער,
קום צו מיר צו שוועבן.
אַ קינדעלע — אַ גרעזעלע,
מיר אַריינצוגעבן.

ווינט — זיין טאַטע וועט אים גלעטן,
קושן אים אין נעזל.
קומען וועלן לופטעלעך
זיך שפּילן מיט מיין גרעזל.

ווערט דער הימל אומעדיק,
אויסגעשפּרייט מיט שוואַרצן —
טוליעט מיר מיין גרעזעלע,
איינגעפלאַנצט אין האַרצן.

— מיטן גריבל — דער עקרה —
האָט געטראָפן גאָר באַזונדער.
אַווירבל־ווינט — אַ בורע —
האָט געגלעט איר רונד־אַרונדער.

געדרייט זיך אויפן גריבעלע,
געפרייט זיך און געשריגן:
מיין גריבעלע! מיין ליבעלע!
מיין גרויסער פאַרגעניגן!

האָט איר צוגעשאַרט אַ קערן,
און איר אָנגעזאָגט די בשורה:
עס איז אויפגעגאַן דיין שטערן!
דו ביזט מער ניט קיין עקרה!

— דאָס גריבעלע פון שטויבן,
מיט באַרוישנדיקע אויגן,
האָט געהויבן זיך פון גלויבן,
מיט אַמאָל אַזאַ דערהויבן!

געווען אַזאַ דערשלאָגענע,
אַן עלנטע, אָן קיינעם,
זאָל דוכטן מיר אַז מיטאַמאָל —
באַפרוכפּער איך מיט איינעם!

דער ווינט אַוועק איז מיד און מאַט,
און זי — געוואָרן רונדער.
און צו דער צייט, האָט זי געהאַט —
אַ סאָסנע־בוים — אַ וואונדער!

# דער פעלז

אַ גראָב געשטאַלט פון שטיין.

אַרויסבאַוויזן זיך פון ערד אַרויס — אַרויף —
אין וועלט אַריין —
אַ פעלז.

שטומט דער פעלז אַזוי צו זאָגן:

איך ליג מיר דאָ — צו פליסן.
אַזוי געשמאַק מיר דאָ צו ליגן — מיך ניט אָפּצורייסן.
מיט אַ אימפּעט מיך באַשווערט: ליג! — ליג איך.

איך ליג און ליג און ליג נישט אַלץ גענוג.
ס'ע פעלט מיר ליגעכץ אין אַ וואָך.
אין אַ וואָך — באַדאַרף איך האָבן ליגעכץ נאָך.

יעדער טוט אַ טועכץ,
מיין — געטועכץ — רועכץ.

אַ ווערעמיק גלוסט זיך איילן,
אַ פערד קאָן לויפן מיילן,
רו — איז מיין פאַרווײַלן.

אַ פעלז האָט אַרבעט אָן אַ שיר.
איך מוז זיך תמיד היטן — ניט זיך טאָן אַ ריר.
און קיינער העלפט נישט מיר.

הײנט אַ האָגל, מאָרגן רעגן,
קומען זשומען — אָן אַ פרעגן,
נאָר מען שטערט.

יאָגט זיך אָן אַ װינט געטריבן —
מיר די פּלײצע אױסצוריבן,
נאָר מען שטערט.

דאָ אַ פױגל מיט אַ לידל,
שפּילט אַ גריל אױף זײנס אַ פידל,
נאָר מען שטערט.

נעמט אַ גראָגער־דונער קראַכן,
יעדער זוכט מיר אױפצו־װאַכן,
נאָר מען שטערט.

אַ טאָג פּאַר בלױזער רו — נישטאָ.

אפשר אין אַ הונדערט יאָהר — איז דאָ אַ יאָר,
און דאָס איז גאָר.

און װאָס איז הונדערט יאָר,
אַביסל מער װי נעכטן ביז אַהער.

אַ יאָר־טױזנט האָט אַ מעלה —
עס געדױערט כאָטש אַ װײלע.
בלױז אַ װײלע.

נאָר מיך שטיינערט —
טאָמער קומט משיח אויסצולייזן מיך.

וועלן טאָן דעם פעלז אַ טובה:

פעלז! צעוואָרף זיך אין אַ וואויוועי!

ווער אַ חיה! האַצקע דוצקע! ווער אַ מענש!

איך וויל נישט האַצקע דוצקע.
איך וויל נישט ווערן חיה,
איך וויל נישט ווערן מענש.

ווער עס דאַרף משיח — נישט איך.

איך וויל נישט קיינעם,

נאָר מיך איינעם,

מיט דער אייביקייט אינאיינעם.

איך — — — בין — — — פעלז!

# פלאַנצן אין וואַסער

פלאַנצן אונטער וואַסער.
וואַקסן אָן אַ שטאַם.
שליאַם.

אָן אַ גאָב פון הימל.
אָן אַ האָפּט פון ערד.
יערט.

גרינסן פון געדאַכטן.
געוויקסן — ווי געוואָלט.
געזאָלט.

וואַסער זייער אַנהאַלט.
שימל זייער בלי.
כי־כי.

זשאַבעס באַ זיי פייגל.
קוואַ קוואַ.
הו־וואַ.

נאָר אַ ווי געוויקסן.
נאָר אַזוי ווי בוים.
קוים.

# אַלטע שיפן

וואָס טוט מען מיט די אַלטע שיפן
וואָס זיי שיפן שוין ניט מער?
וואָס זיי שטייען ביי די ברעגן
און זיי שיפן שוין ניט מער?

האָ — —האָ — —האָ — — האָ — — האָ! ...

די אַלטע שיפן שטייען ביי די ברעגן,
און זיי שיפן שוין ניט מער.

זיי עדות'ן:

מיר זיינען אַלטע שיפן.

מיר זיינען שיפן פון אַמאָל שיפן.

אַלטע שיפן זיינען מיר,
און מיר שיפן שוין ניט מער.

אַמאָל, אַמאָל געשיפן.
אָנגעשיפן זיך אַ ים מיט שיפעניש —
און אויפגעהערט צו שיפענען.

מיר ווילן שיפענען און שיפענען,
און גאָרנישט אויפצוהערן שיפענען —
אויפגעהערט שיפענען.

מיר שיפענען ניט מער.

מיר הויבן מער ניט אָן צו שיפענען.

אמאָל, אמאָל אַ טרייסל — דאַכט זיך ווי צו שיפּענען —
ניט צו שיפּענען.

אַלטע שיפּן.

מאָלע וואָס אַ טרייסל,
מאָלע וואָס אַ וואָרפל,
אַלטע, אַלטע שיפּן שיפּענען ניט מער.

# דער שטראָם איז אַוועק

דער שטראָם איז אַוועק
און דער שליאַך איז געבליבן.
פֿון שטראָמיקן טייך
איז אַ זמר פֿאַרבליבן.
עס האָבן לעגענדן
צום ליד זיך פֿאַרקליבן.
אַזוי וועט עס בלייבן
אין ספֿר פֿאַרשריבן.

ביי טאָג און ביי נאַכט
האָט דער שטראָם זיך געצויגן,
געלאַכט און געוואונקען
אַזוי ווי מיט אויגן,
געמיינדלט גע׳חנ׳דלט,
געשלאַנגט און געבויגן,
אַזוי ווי אַן אָדלער
געשטרעקט און געפֿלויגן.

גערוישט האָט דער שטראָם
ווען דער שטראָם איז געלאָפֿן,
אין אייגן געיאָגן
זיך איבערגעטראָפֿן.
האָט צוגעזאָגט גליקן
און יעדן פֿאַרשפּראָכן:
מען דאַרף זיך ניט זאָרגן,
נאָר אַלעמאָל האָפֿן.

גערייסן זיך נעמען
דעם שטראָם פֿאַר אַ שפּיגל:
ער יאָגט זיך און טראָגט זיך
אַזוי ווי אויף פֿליגל.
אַ קוואַל איז אויף אייביק
אָן צאַם — אָן אַ ריגל,
ער בריזלט און דריזלט
אויף זאַמד און אויף ציגל.

אַזוי האָט דער שטראָם
זיך באַרוישט און געלאָפֿן,
געפּריילאַכט דער וועלט
מיט אַראָפּ און אַרויף'ן:
עס האָט נישט קיין אָנהויב,
עס האָט נישט קיין סוף'ן.
געלאָפֿן, געלאָפֿן,
ביז וואַן ס'האָט געטראָפֿן:

דער שטראָם איז אַוועק,
און דער שליאַך איז געבליבן.
אַזוי ווי אליין
צו דעם סוף זיך געטריבן,
אַזוי ווי אין ליד
דאָ געוואָרן באַשריבן.
אַזוי וועט עס בלייבן
אויף שפּעטערס פֿאַרשריבן.

# אַ קעצעלע דרימלט

אַ קעצעלע דרימלט, קומט איר פֿאַר:
אַ מייזעלע שוועבט בײַ אירע האָר.
מיינט איר אַוואַדע אַ חלום איז וואָר?
זי עפֿנט אַן אויג — אַ פֿליגעלע גאָר!

דאָס קעצעלע דרימלט, בויגט זיך אַ גראָז,
ער רוקט זיך פֿאַוואָליע און גראַבלט איר נאָז.
מיינט איר אַוואַדע אַ גראָז איז אַ גראָז?
זי עפֿנט אַן אויג — אַ ווינטעלע בלאָז!

דאָס קעצעלע דרימלט, דאַכט זיך איר „בו".
דאָס קעצל געשטאָרבן, מער נישטאָ.
מיינט איר אַוואַדע נישטאָ איז נישטאָ?
זי עפֿנט אַן אויג — דאָס קעצעלע דאָ!

דאָס קעצעלע געניצט, שטעלט זי זיך אויף.
געענוג מיט חלומות — אַן עק, אַ סוף.
מיינט איר אַוואַדע אַ סוף איז אַ סוף?
זי עפֿנט אַן אויג — ס'איז אַלעס אין שלאָף!

# אַן העלפֿאַנט אויף אַ מוראַשקע

אַן עלפֿאַנט איז געגאַנגען,
און אַ מוראַשקע איז געגאַנגען,
איינס נעבן צווייטען.
ביידע גלייכע מיוחסים.

די מוראַשקע ווייסט נישט
וואוהין גייט דער עלפֿאַנט.
דער עלפֿאַנט ווייסט נישט
וואוהין גייט די מוראַשקע.

איינער פֿון צווייטן ווייסט נישט וואוהין.
מען זאָגט נישט אויס.

דער עלפֿאַנט איז גרויס אַזוי ווי אַ הויז.
די מוראַשקע איז קליין —
כמעט ווי אַ ניין.

נעמט ער, דער עלפֿאַנט, אונטערסטן צו נישט —
און בלייבט אויף איר שטיין.

געוועזן זיינען צוויי —
איז איינע נישטאָ.
נו וואָס קען מען טאָן —
נישטאָ איז נישטאָ.

רעדן אַהין,
צו רעדן אַהער —
נעבעך די מוראַשקע
לעבט נישט מער.

אַן עלפֿאַנט איז שווער,
אַ מוראַשקע איז גרינג.
אַרויף מיט אַ פֿוס —
פֿאַרלענדט ער איר פֿלינק.

זי ווערט באַלד צונישט —
אַפֿילו פֿון בלויז —
אַ פֿינגער אַ וויש.

נעמט ער, דער עלפֿאַנט, אונמיסטן צי נישט,
און הויבט אַ פֿוס.

און ביז ער באַווייזט אים לאָזן צוריק —
באַשערט אַ גליק.

דאָס ברעקעלע מוראַשקע
פֿון אונטער זיין טראָט
אינגאַנצן אַ גאַנצע
מיט אַלע אירע ביינער
און מיט אַלע אירע חושים
איז שנעל זיך צעלאָפֿן —
ווי גאָרנישט געטראָפֿן.

קאָן דאָס אַ מענטש ?..

# אַ פויגל אַ יחוס

אַ טייך אויפן פעלד.

שוין באַלד פאַרנאַכט.

אַ טונקעלער ספער.

דעם טייך — דעם צעפּלאָסענעם —
דראָשטשעט דאָס לייב.

זיין הויט איז פאַרלאָפן מיט שווידער.

דעם טייך איז קאַלט.

ער בליאַסקעט מיט שוואַרץ.

ער גייסטיקט מיט עלנט.

אינמיטן דעם טייך איז אַ רונדיקער שטיין —
אַ גרויע טריבונע.

אויפן טרוקענעם שטיין — שטייט אַ פויגל.
אַ פויגל אַ ווייסער מיט געלע שטרייפן.

ער שטייט אָפיציעל.

קענטיק אין האַלטונג — אַ פויגל אַ יחוס.

דער פויגל באַפּוצטער פירט דורך אַ שליחות
פון גרויסער באַדייטונג,
אין שוויַיג־באַריכות.

ער קערוועט זיין בליק איבער לאַנדשאַפט געשפּרייט,
אין דער אָפענער ברייט,
מיט זיין קרויניגן קאָפּ,
מיט אַ שפּיץ צו דער הויך,
אין אַ שטרייגקייט באַגלייט...

די וואַכזאַמע שטיבלאַך, מיט פענצטערשע אויגן,
אויף באַרגיקער הויכקייט
מיט גרייטער דערוואַרטונג
דעם פויגל אַקעגן.

די זון איז פאַרשטעלט.
אַ דראַסטישע שטילקייט.

געאַכפּערטער פויגל, מיט פליערשער וויזיע,
פירט דורך אַ רעוויזיע שטייענדיקערהייט
אינמיטן דעם טייך —
האָריזאָנטאַל...

# אַ פיש עסט פיש

אַ גרויסער טייך.

שווימט זיך אַ פישל —
באַווייזט זיך אַ פיש
און שלינגט אים איין.

איז ער שוין צוויי.

דערנאָך קומט אַ דריטער — און כאַפּט זיי אריין.

איז ער שוין דריי.

דערזעט אים אַ פערטער — זאָגט ער: אַ שנעק...
ליגן זיי דרייען
ביי אים אויפן דעק.

איז ער שוין פיר.

באַווייזט זיך אַ פינפטער — און זעט אים אַ שנעק...
זיי אַלע צוזאַמען
ביי אים אויפן דעק.

איז ער שוין פינף.

אַזוי אַן אַן עק.

# די מאָסקיטאָ

אַ מענטש זיצט פאַרטראַכט מיט אַ געטלעכן טרוים:
דער מענטש איבער אַלע — באַזינגט דעם רוים.

ער נישטערט די ערד, ער פאָרשט אויס די זון,
ער זעט שוין פאָרויס, וואָס אַמאָל וועט זיך טאָן.

דער ליכטיקסטער וואונטש וועט ווערן אַ וואָר,
דער מענטש וועט דערזען דורך טויזנטער יאָר.

די וועלט אָן אַ מענטש — צו וואָס אוניווערז?
ווי כאַפּן אַ פליג און איר לייענען אַ פערז.

דערשנאַפּט אַ קאָמאַר אין דער נאַכבאַרשאַפט גראָד:
מיר דאַכט זיך, דער מענטש האָט צופיל בלוט!

אַ צי און אַ פלי, אַ ציפּ אין זיין ליפּ,
דערפילט עס דער מענטש אין דער לינקער זייט ריפּ.

צעקאָכט זיך דער מענטש, און טוט זיך אַ קנאַק —
צו פּאַקן די פליג אויף דער רעכטער זייט באַק.

נאָר פליגעלע פלי איז פול ווי אַ פּאַק,
זי שטייט אויף זיין אויג און באַלעקט זיך געשמאַק.

דער מענטש וואָס דערזעט דעם ווייטסטן באַנעם —
דערזעט נישט די פליג אויף זיין אייגענער ברעם.

# אַ פליגעלע

אַ נײַ געבוירן פליגעלע —
אַ ברעקעלע די גרויס.
חלילה בלויז אַ בלאָזעלע —
דאָס פליגעלע איז אויס.

זאָגט צו זיך דאָס פליגעלע,
וואָס־זשע דאַרף איך טאָן?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפסטו טאָן.

שטיי!

שטייט אַזוי דאָס פליגעלע,
און פלאָנטערט מיט די פיסעלאַך.
שעפּט זי אין איר מײַלעכל —
פון דער לופט די זיסעלאַך.

זאָגט צו זיך דאָס פליגעלע,
וואָס־זשע דאַרף איך טאָן?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפסטו טאָן.

גיי!

גייט אַזוי דאָס פליגעלע,
און נישטערט מיטן נעזעלע.
עסט זי אויף אַ דרויבעלע —
געבליבן פון אַ קעזעלע.

זאָגט צו זיך דאָס פֿליגעלע,
וואָס-זשע דאַרף איך טאָן ?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפֿסטו טאָן.

פֿלי !

פֿליט אַזוי דאָס פֿליגעלע —
דרייט זיך איר דאָס קעפּעלע.
פֿאַלט אַראָפּ דאָס פֿליגעלע —
ווי פֿון בוים אַן עפּעלע.

זאָגט צו זיך דאָס פֿליגעלע,
וואָס-זשע דאַרף איך טאָן ?
זאָגט אין איר אַ שטימעלע,
גאָרנישט דאַרפֿסטו טאָן.

ליג !

ליגט אַזוי דאָס פֿליגעלע,
און פֿינטלט מיט אַן אויגעלע.
געדוויערט נאָך אַ רגע'לע,
דאָס פֿליגעלע — אַ שטויבעלע . . .

# אַ שיכור׳ע פליג

אַ פליג אין פעלד איז הונגעריק.

פליט זי אום און שרייט: זשו-זשו!
געוואלד אַ בים, וואו נעמט מען, וואו?

ברויט און פּוטער דאָ נישטאָ!

ברומט דאָס בייכל:
בורע-בו.
שטעכט אַ זייטל:
צרה׳ניו.

פּלוצים הערט זי אַ מו-הו.
קוקט זי ראַשעדיק אַוואַ.
אַט-אַ דאָרטן שטייט אַ קו.
פליט זי הענדום-פּענדום צו.
פלאַטערט איבער איר: הו-הו.

לאָז, בהמה׳לע, בו-בו.

שאַ, מיין קעצעלע, טיו-טיו.

שלאָף, מיין טייבעלע, ליו-ליו.

לאָז זיך, לאָז זיך, זשו-זוש-זשו.

שטוינט די קו מיט גרויסע אויגן.
קערעוועט דעם קאָפּ געבויגן.
און זי חידוש׳ט תמ׳עלאַלע,
אַקסעוואַלע-וואונדערוואַלע:

וואָס איז דאָרטן אַזאַ הוליען,
מיט אַ ליבע, מיט אַ טוליען,
מיט אַ רייסן מיך און בייסן,
מיט אַ ציפּן מיך צו פּלייסן,
איך טו שמייסן !...

אָבער פליגעלע אין ציטער,
ווייסט שוין גאָרניט וואָס איז ביטער,
צי די טראָפּנס, צי די ריטער —
זי איז שיכור.

# אַ פליג דערציילט פון „טיטוס״...

אַ גרויסע בהמה,
וואָס לאָזט זיך נישט בייסן,
טוט נאָר שמייסן —
פליט אויף איר אַ פליגעלע,
און זשומעט איר אַ לידעלע,
אַ מעשה׳לע צו פלייסן.

הערסט? בהמה!

געווען אַמאָל אַ „טיטוס״,
און געווען איז ער אַ רשע,
האָט ער אַלעמען דערשלאָגן מיט זיין כוח.
שייפעלעך און שעפּסעלעך,
טיגערן און לעמפּערטן,
בהמות אויך...

איז אָנגעפלויגן אַ פליגעלע,
אַ פּיצינקע פליגעלע,
און אָוועקגעלייגט דעם „טיטוס״.

מיינסט מיט כוח?
— דוקא נישט געביסן אים,
אפילו נישט געזידלט אים,
געפידלט אים אין מוח.

אַ זשומענדיקער זמר׳ל,
וואָס דרילעוועט דאָס אייווערל,

ביז ביז ביז,
ביז ביז ביז,

טויט איז „טיטום״ . . .

געשטאָרבן פון אַ לידעלע,
אַ לידעלע אַ פידעלע,
געזונגען אים אין קעפּעלע
אַ טאַנצנדיקע פליגעלע.

האָסטו ליב דאָס לידעלע ?

צי אַביסעלע דיר בייסן ? . .

בויגט דעם קאָפּ די טעלעצע,
און גלאָצט אויף איר פּאָטילניצע :

בעסער הער מיין עצה.
שטיי אויף מיין פלייצע,
פלי נישט אַוועק,
וואַרט אויף מיין עק . . .

דו — אַביסעלע מיר בייסן,
איך — אַביסעלע דיר שמייסן . . .

# די קו שרייט מוהו

אַ פֿליגעלע
זשומט אַריין אַ סוד אין אויער
אַ בהמה :

בהמה, איר הערט ?
איר — זענט גרויס,
און איך — בין קליין.
אַ־יאָ ?

פֿלי איך אום,
און איר מוזט גיין.

איר ווייסט פֿאַרוואָס ?
פֿאַר דאָס.

עס גייט נישט אין דער גרעב —
דער עיקר איז דער „פֿעפֿ״.
שוואונג.
אַ צי — און איך פֿלי.

די בהמה טוט אַ שפּרונג,
אַ שמיר מיט דער צונג,
אַ שליידער מיטן קאָפּ :
אַוועק דו שנעק !
איך קאָן עס נישט הערן !

און זי שמייסט זיך אַליין
מיטן אייגענעם עק :
בהמה !

זי בלייבט שטיין אין צאָרן,
פֿאַרשפּיצט מיט אַ האָרן,
בהמה׳ש פֿאַרטראַכט.
און שרייט צו דער וועלט
מיטן עכאָ אויפֿן פֿעלד :
מממממהו־הו !...

# אַ פליג זאָגט „ווידוי"

פאַרטראַכט זיך אַ פליג, דערפילנדיק קעלטער:
מען ווערט נישט יונגער, נאָר עלטער און עלטער.

אוי וואָס זאָל איך זשומען, אַזוי צו זאָגן:
סע ווייַנט מיר מיַין האַרץ, סע ווילט זיך מיר קלאָגן.

באַדאַרף דאָך אַ פליג כאָטש „ווידוי" זאָגן,
און וואָס ווייסט אַ פליג אַריבער איר מאָגן?

איז איידער איך פאַל, אַז ווי מיַינע יאָרן,
וואָס איך, אַזאַ פליג, דאַרף ווערן פאַרלאָרן.

וואָס בין איך, אַ זשוק?
זיך אָנגעשטאָפּט, — שלעפּ עס!
איך בין דאָך אַ פליג, אַ פליערל עפּעס!

אוי לאָמיך כאָטש, פליג, אַן איידעלער וועזן,
מיט וואַרעמס אַ גוטס, נאָך ווערן געגעזן.

אַזוי ווי איך בעט, שוין בעטן פאַר מערער,
פון וועלן אַליין, וועט ווערן מיר שווערער?

איך וויל נאָר לעבן.
אַ בּיים, אַ טרונק,
און זשומענדיק שוועבן.

# אַ היימישע פליג

בײַ מיר אין הויז
איז דאָ אַ פליג,
זע איך איר צו
מיט אַלדאָס גליק.

איך היט איר אָפּ.

מיר זאָגן: איך עס . . .
אַ מענטש נאָכן עסן —
רײַניקט מען אָפּ, אַיאָ?
זאָג איך ניין.
רײַן טאַקע רײַן,
אָבער ניט ביזן ביין.

זאָל אַלעמאָל זײַן
אויפן טיש אַ קײַ
אָפּן און פרײַ.

אַ פּיצעלע מעליץ,
אַ דרויבעלע ברויט,
אַ וואָס-ניט-איז.

אַ היימישע פליג,
וואוהין זאָל זי גיין?

געוויס וועט איר זאָגן:
די פליג קאָן דאָך עסן
באַגלײַך מיט מיר!

פאַרשפּאָרן צו לאָזן
באַזונדער פאַר איר!

איז אָבער אַ פליג...
מיטאַמאָל איז איר קנאַפּ.
זי האָט ליב צו בימלאַך,
און אָפטער אַ כאַפּ.

אַ קלעם דאָס האַרץ —
האָב אַ בים.

אַזוי מיט אַ טרונק.

אַ פליג, איך ווייס,
זי דאַרף האָבן נאַס.
צו וואַשן די פּלייצעס,
צו רייבן די פים.
אפשר „טרייטים",
אפשר „ניורייטים",
ווער קאָן וויסן
וואָס דאָס איז,
נעם איך פון קראַן
און טו אַ גים...

שוין אָפּגערעדט אַלעם?
— פון האָדעווען אַ פליג,
ווערט מען נישט בעדאַלעס.

איך רעכן די טעג —
וועל איך אָפּרייסן אַ טאָג,
און אָפּוועגן די פליג,
צי סע קומט איר צו וואָג.

# די אָרעמע מילב

אַ מילבעלע אָרעם,
דאָס פּנימ׳ל — ווײַ,
איר גאַנץ לײַב און לעבן —
אַ שטומער געשרײַ.

זי זוכט אָרום דאָרטן,
זי זוכט אָרום דאָ,
אַ ברויזעלע עסן —
פֿאַר איר איז נישטאָ.

אָט נעמט זיך איר דאַכטן —
אָט דאָרטן איז ברויט,
זי קומט דערצו נאָענט —
אַ דרויבעלע קויט.

געפֿינט שוין דאָס מילבל
אַן אוצר׳ל וואו —
באַווײַזט זיך אַ צווייטע
און כאַפּט עס גלײַך צו.

דאָס מילביקע לעבן —
כאַפּ־לאַפּ און געיעג,
זי האָט נישט קיין כּוח
צו פֿירן געשלעג.

זי בעט בײַ אַ מילבל:
אַ פּיצעלע באָב,
באַקומט זי אַן ענטפֿער:
גיי שלאָג זיך און האָב.

אַ צווייטע גיט עצה׳ס,
מיט טיפּן באַקלער:
גיי נעם ביי יענער,
יענע האָט מער.

זי ווייַנט פאַר אַ דריטער:
אַ טרונק אין דער גיך!
זאָגט יענע געלאַסן:
איך דאַרף אַליין פאַר זיך.

דערזעט שוין דאָס מילבל
וואָס איר איז באַשערט,
זי לאָזט זיך אויף הפקר
און פאַלט צו דער ערד.

פאַרזאַמלען זיך אַלע
צונויף אַרום איר,
די מילבעלאַך שלעכטע,
די זעלבע פון פריער.

אַ מילבעלע וואונדערט
מיט האַרבן פאַרדראָס:
ווי האָט מען אַ מילבל
אַזוי ווייט פאַרלאָזט?

די צווייטע איז מודה:
די לאַגע — אַ גרויל,
מען רייסט דאָ דעם ביסן
אַרויס פונם מויל.

די דריטע פרעגט איבער
וואָס דאָ איז געשען,
און דעקט צו די אויגן —
זי קען עס ניט זען.

צעשרייט זיך אַ פערטע:
וואָס קלאָגט איר אויף איר ?
איר האָט דאָך פאַרהונגערט
דאָס מילבעלע פריער !

דאָס מילבעלע נעבעך —
זי ליגט אינדערמיט.
דערלאַנגט מען איר עסן ? —
דערוויילינקע ניט.

וואָס העלפן געשרייען,
און רייד וואָס מען רעדט,
אַ רגע׳לע שפּעטער —
וועט זיין שוין צו שפּעט.

אַ מילבל אַן אויסנאַם
איז אָבער פאַראַן,
אַזוי ווי אַ בשורה —
מען ווייסט נישט פון וואַן.

די מילב קומט צו לויפן
מיט וואַסער און ברויט,
נאָר וואָס איז די פּעולה —
די מילב איז שוין טויט.

# דאָס לעבן פון מילבן

אין גרונט פון אַ טעפּל, פאַרבאָרגן אין קיך,
דאָרט וואוינען די מילבן — אַ וועלטל פאַר זיך.
ביי זיי אַ פאַרמעגן — אַ דרויבעלע גרויפּ.
אַ פּיצעלע מעליץ, אַן אוצר'ל — קרויט.

פּרנסה ביי מילבן — נישט אַלע באַגלייך:
אַ סך זיינען אָרים, אַ טייל זיינען רייך.
זיי קריגן זיך אָפּטער, און קעמפן פאַר שפּייז.
אַז דער — וויל איינגאַנצן, און דעם — פעלט אַ בײס.

אַ מילבל אַ זקן — איז קוים וואָס ער גייט.
שוין שפּעט צו דעריאָגן, ער ווייסט און פאַרשטייט.
אַן איידעלע מילבל — קען אויסגיין, און שאַ.
די שטאַרקערע כאַפּן, און טומלען הו־האַ!

די „גייסטיקע" מילבן, וואָס טראַכטן פון „טויט" —
זיי לעבן אין דחקות און שטאַרבן אין נויט.
די מילבן מיט חוצפּה — פאַר זיי איז דער טאָפּ.
זיי לאָזן זיך וואוילגיין און פירן זיך גראָב...

הוליאַנקעס און שמחות — געפּערלעך פאַרשייט.
אַ מילבעלע צערטלט אַ מילב ביי דער זייט.
געטוליעט, געהוליעט, מען גייט שוין אוועק.
ווען אַלע צעגאַנגען — באַרעדט מען אַ שרעק...

אַ מילבעלע „נפטר" — ליגט ער ווי מיסט.
אַ צדיק ביים לעבן — געליטן אומזיסט...

מילבן.

# אַ ראָמאַנטישע מילב

זי וואוינט אויף אַ פענסטער,
איר צימער — אַ שטאָך.
ניט ווייט איז אַ שטעטל
פון מילבעלאַך נאָך.

די מילב איז אַ פריילן
זי מוז היינט זיין שיין.
באַלעקט זי אַ פיסל,
און פוצט זיך די ציין.

געפינט אוים אַ וואַסער —
אַ טראָפּעלע טוי.
אַ שפּריץ אויפן הערצל —
פאַרכאַפּט זי זיך: אוי!

אַ טוק אָפּ דאָס קעפּל,
די הערלאַך אַ קעם.
אַ שפּיגל אין טראָפּל —
אַ מויד אַ פאַרנעם.

זי אײַלט זיך צו טרעפן
אַ מילב קאַוואַליער. —
אַ ברייטער כאַראַקטער,
מיט פיינעם מאַניער.

אים נעכטן באַגעגנט
פאַרנאַכט אויף שפּאַציר —
פאַרנויגט ער זיך העפלאַך,
און גריסט זיך צו איר:

מילבעלע, זילבעלע,
פינטעלע חן.
דו בלאָנקעסט זיך נעבעך
דאָ איינע אליין.

אָ, באַלד וועט זיין פינצטער,
דיין היים אַזוי ווייט.
דאָ וואַנדלען אום מילבן —
פאַרדעכטיקטע לייט.

אַ מילבעלע־מיידל —
דער איינשטעל איז גרויס.
אָ, לאָמיך דיך פירן
צום שוועל פון דיין הויז.

די מילב ניט געשלאָפן
ביז שפּעט אין דער נאַכט,
און נאָר פון דעם מלאך —
דעם בחור געטראַכט.

געזונט ווי אַ זשוקל,
און קלוג ווי אַ פליג.
אַזאַ מאַן צו האָבן —
באַדאַרף זיין אַ גליק!

זי וועט אים דערלויבן
אַ קוש אַ נאַדרויף.
אוי, אפשר וועט ווערן
אַ שידוך צום סוף...

# אַן אַטאָמ׳ל נישטערט...

אַן אַטאָמ׳ל פּיבערט,
און זוכט אין געאייל:
פֿאַרבלייב איך אויף אייביק?
צי בלויז אויף אַ ווייל?

איך וואוין אויף אַ שטויבל —
אַ וועלט אָן אַ סוף.
אַ גרויל זיינע טיפֿן.
אַ שרעק זיין אַרויף.

ווי אַלט איז דאָס שטויבל —
ניטאָ אַזאַ צאָל.
נאָך איידער געוועזן
אַ וועזן צומאָל.

אויף וואָס ליגט דאָס שטויבל —
עס האַלט זיך אליין.
אַוואו קאָן איך וויסן
צי בלייב איך, צי ניין?

# שווייגן

וואו אַ שטילקייט —
דאָרטן האַלט עס אין דערוואַרטן.

אין דער שטילקייט האָט באַדאַרפט שוין טרעפן —
האָט מסתמא וואָס געטראָפן,
און פאַרהאַלטן דאָס באַטרעפן.

באַלד וועט טרעפן.

שטילקייט האָט אַ פּנים —
ווי סע שטאַרט אַ שאָרך דערהערן.

באַלד דערהערן.

שטילקייט וויל דערהערן — וואָס מען קען ניט הערן.

שטילעניש איז אָנגעצויגן,
מיט דערשטוינענדיקע אויגן.

אין דער שטילקייט ליגן אַלע ספרים אָפן
מיט די סופ׳ן.

# שטיינדעלעך אין מוזעאום

(אַריינפיר צום העלפאַנט אַ צדיק)

געווען מענטשן.
אַמאָל, אַמאָל, געווען מענטשן.

פאַראיבער צייט —
געוואָרן שטויבן.

פאַראיבער צייט —
געוואָרן שטיינער.

פאַראיבער צייט —
געוואָרן שטיינדעלעך.
איידעלע שטיינדעלעך.

ניט אַ מענטש האָט זיי געזויבערט.
ניט אַ מענטש האָט זיי געזילבערט.

אליין געליכטיקט זיך.
אַליין געציכטיקט זיך.

גע׳חבר׳ט זיך מיט ערדן —
און גענערט זיך מיט די וואונדער
פון די רוימען.

געלעבט אין פינסטערן —
און איינגעזויגן זויבערן פון שטראַלן.

געלאָזן זיך לעגענדן
אין די צויבערן פון רעגנבויגן.

שטיינדעלעך פון הייליקע נפטרים.
נשארים פון קדושים.
נשמות פון נסתרים.
מדורות הקדמונים.
מדורות הראשונים.

איצטער איז מוזעאום...
דאָ איז „יענע וועלט"...
שטיינדעלעך.
אנגעלענט אין גלעזערנע פּאַלאַצן.
אַ צוזאַמענזיץ.

פּאַרטרעטער פון די ערדן.
אַ סנהדרין פון די וויסטן.

זיי לערנען מיט אַ ניגון —
וואָס מען הערט אים נאָר אין דמיון.
זיי שווייגן אויף אַ לשון —
וואָס סע לויטעט נאָר רמזים.

אויסדערוויילטע שטיינדעלעך
אויף „יענער וועלט".

איז דאָ טאַקע „יענע וועלט?"

# העלפֿאַנט אַ צדיק

נעלעבט אַמאָל אַ העלפֿאַנט אין די ווילדע וועלדער,
מיט די בייזע לעמפּערטן און זאַווערוכעס.
אָבער העלפֿאַנט איז געווען אַ נסתּר,
אַ צדיק גאָר אַ גרויסער,
האָט ער זיך געפּירט צווישן חיות,
וואָס אפילו אַ צדיק גאָר דער גרעסטער,
פּירט זיך ניט אַזוי צווישן מענטשן,
מיט די פּנים'ער בצלם אלהים.

# העלפאַנט טרעפט אַ מערעזשקע

ניט אַ קריכערל באַליידיקט מיט אַ פּוס.
ניט אַ גייערל דערשראָקן מיט דער נאָז.

נ

אַ

אַ

אַ

אַ

אַ

אַ

אַ

אַ

אַ

ז

אַ מערעזשקע געמיטן —
אויסגעמיטן.
וואָרום ? —
דאָרום.

זאָל אַ גייערל ניט מוזן לויפן.
זאָל אַ לעבן ניט פאַרגליווערן
און מאַכן זיך געשטאָרבן.

זאָל די מערעזשקע ניט זוכן צו באַהאַלטן זיך
אין זעמדרעלעך.
אין אַ נאָרע פון אַ קאָרע.
אין אַ שיסל פון אַ ניסל.
אין אַ פליִיצע פון אַ בלעטל.
אין אַ פלויטל פון אַ ריטל.
אין אַ קליידל פון אַ קווייטל.
אין אַ טייסטער פון אַ זשוקעלעס אַ מאָרדע.
אין אַ לאַנגן סאָבוויי פון אַ שטרויעלע.

און יאָגן זיך און טראָגן זיך
און וואַרפן זיך אויף הפקר
צו פאַרטומלענען דעם העלפאַנט.

און בריקען מיט די פיסעלעך פאַר מורא,
ווי מיין לעבן.
אַ יעגער מיט אַ נאָניע אַ קאַנאָנע
וויל זיך מאַכן פון מיין פעלכל אַ פוטער! ...

איז דער העלפאַנט קוים געגאַנגען,
מיט דער נאָז אַראָפּגעהאַנגען,
און געקוקט אַהער, אַהין,
טאָמער רירט זיך וואו אַ מין,
האָט דער העלפאַנט ניט געטראָט אַהין.

אַ העלפאַנט אַ צדיק.

# העלפאַנט לויפט ניט

אפילו ניט געלאָפן אויף א פעלד פון גאָלע זאמד,
וואו קיין לעבעדיקער נפש איז ניטאָ.

ווארום?

דארום.

אפשר שלעפט זיך ווייט אוועק אן אלטער צאפ,
א הינקענדיקער,
צו זיין כלה־ציגעכע א יונגע. —

קען אים דאכטן אין מיין לויפן,
אז סע איילט צו איר מיט לײַדנשאפט —
א יונגערמאַן א הירש. —

וועט דער הינקענדיקער צאפ אים וועלן איבעריאָגן,
און פון גיכעניש — נאָך פאלן,
און פארפלאָנטערן די לאנגע באָרד און פאות
אין א בוש פון באָזשעקעס. —

— — — — — — — — — — — — —

און פארהאסן זיך איינגאנצן
בא זיין כלה דער קאפריזנער
שוין פאר אלע זיינע פעלער מיטאמאל:
מיין חתן איז א זיידע.
מיין באשיצער דארף א שטיצער.
אייפערזיכטיק מורא'דיק.

מיט קאַלטענעם שוין אויך!
טוט זי אים א שפיי,
און פארשווינדט מיט א בוהיי.

איז דער העלפֿאַנט קיינמאָל ניט געלאָפֿן.

נאָך פּאַרוואָס דער העלפֿאַנט
האָט זיך איינגעהיט פֿון לויפֿן.

טאָמער ליגט אַ לעמעבע אין קימפּעט,
קען זי מיינען פֿון מיין אימפּעט,
אַז דעם ריח פֿון איר מוטערשאַפֿט,
האָט אָנגעשמעקט אַ לעמפּערט.

און ער יאָגט זיך אומגעלומפּערט,
נאָך איר שייפֿעלע באַהיטע גאָט.

שפּרינגט זי אויף,
און לאָזט זיך לויפֿן קעגן אויסגעדוכטן לעמפּערט,
אים צו זעטן מיט איר אייגן לייב און לעבן.

באַגעגנט זי אַן אויפֿגערעגטן טיגער
טאַקע אויף אַן אמת!

און דאָס לעמעלע וועט אויסגיין נאָך דער מאַמען.

וועל איך האָבן מיט מיין יאָגן זיך
נאָך אומגעבראַכט
צוויי דורות מיטאַמאָל.

אַ מאַמע לעמעבע,
און איר ערשט געבוירן וואָרעם לעמעלע.

איז דער העלפֿאַנט קיינמאָל ניט געלאָפֿן.

# העלפאַנט שפּייט ניט מיטאַמאָל

אַ שפּיי טאָן אויף יבשה?
אַ כליופּע אויף אדמה?
נישט איך.

וואָרום?
דאָרום.

אפשר מיינט עס פּאָר דער ערד —
אַ פּאַטש אין פּנים.

טאָמער דאַרף אַ גרעזעלע געבוירן ווערן
אין דער רגע,
ותיכף פּליוך?

קען דאָס שפּראָצעלע
נאָך ווערן פּעסימיסטיש אויפן גאַנצן לעבן,
פון דעם ערשטן מבול'דיקן „ברוך הבא".

און מיינען אַז דאָס לעבן —
נאָכאַנאַנדער בלויז פון רעגן...

האָט דער העלפאַנט ניט געשפּיגן מיטאַמאָל.

# העפּאַנט לאָזט זיך בייסן

אַ פליגעלע געביסן אים —
געליטן און געשוויגן.

איינגעהאַלטן נעבן זיך די נאָז — און אויסגעוואַרט.
איינגעהיט די הויטן ניט צו שוידערן פון ווייטיק.
ניט דערלויבט דאָס עקעלע צו דרייען זיך פון אומגעדולד.

— וואָרום?
דאָרום.

זאָל אַ פלאַטערל ניט וויינען איבער מיר.

ניט צערייצן דעם נאָך מערער מיט מיין ווערן זיך.
ניט דערפירן צום נסיון,
אַז אַ ווערן זאָל מיך זידלען אין אַן אויער
און גורם זיין דאָס זשומערל
זאָל האָבן נאָך געזינדיקט מיט די רייד:

**זע, זע, זע,**
אַ קאַרגער העלפאַנט.
האָט אַזוי פיל בלוט אין זיך,
און זשאַלעוועט אַ טראָפּעלע מהנה זיין אַ לעבן.

האָט דער עלפאַנט שטילערהייט געליטן,
און פאַרנומען די געשרייען פון די פליגעלעך אויף אים.
אפילו די געוואַלדן פון אַ בייסנדיקן בין.

נאָך פאַרענטפערט זיי פאַר זיך:

זיי שרייען ניט אַליין,
עס רוישט אין זיי דער רויש פון אַפּעטיט.
עס ברויזט אין זיי מיין גרוים פון יעדן גליד.

זיי האָבן גרוים הנאה —
קענען זיי ניט רוען.

ס'איז זיי ליב מיין לייב און לעבן — טומלען זיי.
זאָלן זיי.

זיי מעסטן מיך און סוד'ן זיך:
סע גיט שוין גאָר ניט גרעסער.

זיי זויגן מיך און זאָגן זיך:
סע גיט שוין גאָרנישט בעסער.
זאָלן זיי.

# העלפאַנט — אַ מאַרטירער

דער העלפאַנט איז אַ צדיק —
באַנעמט ער:

די פליגן זינגען זמירות ביי דער סעודה איבער מיר.

די ערד — אַ מזבח.

די זון — העליש פייער.

בין — כהן גדול.

מאָסקיטאָס — כהנים.

פליגעלעך — לוויים.

איך — דער גרויסער עלפאַנט —
זייער קרבן.
איך בראָט זיך און איך זשאַרע.
סע גייט פון מיר אַ פאַרע.
איך בין שיכור ווי אַ כמאַרע.
סע שווינדלט מיר מיין מראה.

זיי זשומען: מאכט אַ וואַרע!
דער בין וויל טאָן אַ טאַרע!
אַ פליגעלע וויל דעם אונטן!
אַ מאָסקיטאָ וויל דערגרונטן!
אַ חיה אַ מחיה!
זי לאָזט זיך!...

— האָט דער העלפאַנט זיך געלאָזן בייסן
פון די אַלע אויפגערייצטע פליערלעך,
און געלינדערט זיינע ווייטיקן אין טראַכטן:

לערנען מיר דערפון. —

וואָס דער גוף איז גרעסער —
האָט ער פּלאַץ צו ליידן מער.
מוז ער ליידן מער.

א העלפאַנט א צדיק.

# העלפאַנט רעוועט ניט ביינאַכט

אפילו ניט גערעוועט ביי דער נאַכט.

— וואָרום? —
דאָרום.

אפשר דרימלען וועלדער,
און זיי פילן ניט צו ענטפערן.

העלפאַנט א צדיק.

# העלפאַנט שלאָפט נישט אויף דער ערד

אַפילו ניט געלעגן אויף דער ערד.

וואָרום? —
דאָרום.

ניט כדאי צו רוען אויף דער ערד —
פאַר דער צייט...

אַז עולה קענען לעבן,
זיך אַליין אוועקצוגעבן צו דער אייביקייט.
שווער זיך אויפצוהויבן פון דער אייביקייט.

איז דער העלפאַנט ניט געלעגן אויף דער ערד.
דאַריבער טאַקע, ניט געשלאָפן ווי סע דאַרף צו זיין.

אויב מען מוז אַ ווײַלע רוען —
רוען בײַ אַ בוים.
דאָס לעבן איז דערנעבן...

בוים — אַ לעבעדיקע זאַך.

אָנגעשפאַרט געשטאַנען ביי זיין שטייענדיק געלעגער
און געטראַכט.

נאָר געלאָזן נידערן די דעקן איבער זיינע אויגן.
צו באַרוהיקן דעם חשק,
ער זאָל מיינען אַז ער שלאָפט.

און געוואָרנט דעם זכרון
צו געדענקען אַז ער וואַכט.

— וואָרום ? —
דאַרום.

מאַמער קומט אים פּאַר אַ חלום,
אַז מען דאַרף אים דאָרט אויף „יענער וועלט"...

ווען ער וועלן זיך צעציען
מען זאָל זען ער איז גרייט. —

קען ער נאָך אינמיטן שלאָף
פאַרגעסן צו דערמאָנען זיך,

און טון אַ פאַל צוזאַמען מיט דער דעמבע,
און צעברעכן איר דאָס לעבן.

איז דער העלפאַנט ניט געשלאָפן
ווי סע דאַרף צו זיין.

(צווייטער טייל)

# אַ העלפאַנט אַ צדיק

ניט געוועזן אומעטיק.
ניט געוועזן פריילעך.
פאַמיילעך.
תמיד׳דיק.

ווי די זון אינמיטן לאַנגן זומער־טאָג.
ווי אַ ווינטעלע אינמיטן לאַנגן זומער־טאָג.
ווי אַ בוים אינמיטן לאַנגן זומער־טאָג.

פאַמיילעך.
תמיד׳דיק.

אזוי אַ תמיד׳דיק:

אין חומש לעבט נאָך מתושלח.
יעקב גייט נאָך מיט דער סדרה „וילך״.
שלמה איז אין משלי נאָך אַ מלך.
געזאַלצן איז נאָך אַלץ דער ים המלח.
און לויפן קען מען ניט פאַמיילעך.
און שטאַרבן איז נאָך אַלץ ניט פריילעך.

העלפאנט האט ארומגעקלערט ארומעדיק.
פאמיילעך.
תמיד'דיק.
תמיד — תמיד'דיק.

ניט געגעסן קיינע זאכן. —
נאר געקייעט בלאטע.
נאר געטרונקען זומפן. —
גארניט קאליע מאכן.

געדאכטעט פון גן־עדן.
דארטן.
אין די העכערע מקומות.
אין די הימלשע מרחקים. —
גן־עדן.

אין גן־עדן וועט ער זיין א רבי איבער אלע חיות.
אלע חיות וועלן עסן פון די קעסלען לויתן.
געלאסן.

זיך ניט בייסן פארן ביסן.
זיך ניט שרעקן פארן שיסן.
שלעכטע מענטשן וועלן פון גן־עדן גארניט וויסן.

בלויז די גוטע חיות וועלן וויסן. —
אין גן־עדן נאר געניסן.

שור הבור איז אן א שיר —
נאר פאר די באלידיקטע,
וואס גייען אום אויף אלע פיר.

העלפֿאַנט וועט זיך וויגן מיט דער נאָז פֿון אויבנאָן,
און זאָגן תורה צו די חיות:
חיות!

די ערלעכסטע תפֿילה פֿאַר גאָט —
איז געזאַנג.

זײַנען מיר מתפּלל — אפֿילו מיטן גיין.

גייענדיק, באַזינגען מיר, די ערד,
מיט די טריט.

איז אפֿילו עסן, אַ ליד.

קייענדיק, באַזינגען מיר, די ביסנס,
מיט די ציין.

די זמירה פֿון זריעה —
איז דאָס גרעסטע פֿון אַלע געזאַנגען.

דער תענוג פֿון ביאה —
איז דער תוכן פֿון אַלע פֿאַרלאַנגען.

באַהעפֿטן איז קבלה.
קדישה.

אינאיינעם איז דער סוד פֿון אחד.

געזאַנג פֿון צוזאַמען — איז געטלעכע פֿלאַמען.

דאָס באַרירן פון די זוימען —
איז דער שטאַם פון אַלע שטאַמען.

דער ציטער פון „אַט" — איז דער ציטער פון גאָט.

לערנט אונז דער פסוק:

אַלע מיינע גלידער טוען זינגען —
ניט בלויז די נשמה.

ס'איז דער רצון פון דער ליכטיקער נשמה —
אַז דער גוף זאָל אויך געזעגענען ווערן.

גוף און גייסט איז איין געצעלט,
אין גרויסן בית־המדרש פון דער וועלט.

ווען קומען פון די הימלען ראַש־צעפּליען צוויי מלאכים.
געוועזענע חזרים און דערהויבן זיך דורך שבחים.

גענורעט זיך אין בלאָטעס און גענישטערט גאָטס דרכים.
געוואַנדערט און געכראָפּעט און געוואָרן גאָטס שלוחים.

איינער הייסט פּרעסולאַ. דער צווייטער — זשליאָקולאַ.
און העלפאַנטן אַנידערזעצן אויף אַ גרויסער שטולאַ.

און העלפאַנטן מודיע זיין דורך בײדע זײנע אויערן:

רבי העלפאַנט.
תורה היינט געגנוג.
מאָרגן איז אויך אַ טאָג.

מיר האָבן די שליחות פון די העכערע פון אויבן:
דער צדיק וועט אין נידערן אפילו זיך דערהויבן.

און העלפאַנטן מכבד זיין מיט אָפּגעשיילטע ניסעלעך.
און העלפאַנטן מכבד זיין מיט סמעטענע אין שיסעלעך.
און העלפאַנטן מכבד זיין מיט צוגעברוינטע קריסקעלעך.
און העלפאַנטן מכבד זיין מיט טרויבנדיקע פּליסערלעך.
און העלפאַנטן מכבד זיין מיט נאָך אַזעלכע זיסעלעך.

פון אַל — — דאָם — — גוטס — —
צו — — בי — — סע — — לעך.

אייביק האַלטן זיך אויף זיינע פיסעלעך.

— — — — — — — — — — — — — —

איצטער שטייט דער צדיק העלפאַנט אין מוזעאום.
זיין — גן־עדן.
דאָ — גן־עדן פון די חיות.

ניט אַ טראָט.
ניט אַ ריר.

איננאַנצן ליידיק.

בלויז די ביינער.
אַזוי ווי קיינער.

נאָר די אויגן אויפגעמאַכט.

ניט ער שלאָפט, ניט ער וואַכט.
ניט ער וויינט, ניט ער לאַכט.

העלפאַנט.

העלפאַנט אַ צדיק.

# ווער עס וואוינט אין גאַס

אַ פויגל האָט אַ נעסט.
אַ זשאַבע האָט אַ זומפּ.
אַ קעלבל האָט אַ שטאַל.
אַ טיגער האָט אַ הייל.
אַ אָדם האָט אַ הויז.

יעדער לעבעדיקער וועזן —
האָט אַ היים.

ווייסט איר ווער ס'איז אָן אַ היים?
ווייסט איר ווער סע וואוינט אין גאַס?
ווייסט איר ווער?

— די וועלט...

די וועלט איז אָן אַ היים.
די גאַנצע וועלט איז אויף דער גאַס.

אַוועקגעשטעלט די וועלט אין דרויסן:
דאָ אַ, וואוין...

שטענדיק אונטערן פרייען הימל.

אַמאָל די זון מיט שטאַרקע היצן,
ווער דאַרף האָבן אַזוי פיל היצעכץ?

אַמאָל אַ גאָס פון טויזנט רעגנס,
ווער דאַרף האָבן אַזוי פיל גיסעכץ?

כליופּ אַ כוואַליע איבערן טאָפּ!

די וועלט מיט אַלע אירע גליקן —
איז אָן אַ דאַך
איבערן קאָפּ...

קומט ביינאַכט.

פויגלען טוליען אין די נעסטן.

זשאַבעס קוואַקען אין די זומפּן.

גרילן דרילן אין פאַרהילן.

קיהען דומען אין די שטאַלן.

חיות דרימלען אין די היילן.

מענטשן דאַכטן אין די שטיבער.

בלייבט די וועלט אין דרויסן שטיין.
אינגאַנצן איין אַליין.

אַליין מיט אירע בעבעכעס
דאָס גאַנצע האָב און גוטס
וואָס זי פאַרמאָגט.

די בוימער מיט די זאַנגען
מיט די דראַנגען מיט די שטאַנגען
מיט די בלומען מיט די צוויטן.

גאָט אין הימל!

האָסטו נישט אַמאָל אַ מלאך
ער זאָל אַכטונג געבן אויף דער וועלט
פון בייז איר אויסצוהיטן?...

בליצן בלאַנקען

דונערס קראַכן

שטורעמס לאַכן

וואַכן וועלטעכעס געדאַנקען.

אוי, וואָס קען זי נעבעך מאַכן
אין אַ וועלט פון ווילדע זאַכן?

יעדער איינער האָט אַ היים.
אפילו אַ פליג.
אפילו אַ מילב.

אַ מילבלם היים —
אַ לעכעלע.
די גרויס —
אַ נאָדל שטעכעלע.
עסט זי —
דאָרט אין קעכעלע.
טרוימט זי —
אונטערן דעכעלע.

די וועלט — — — — — — — — — — — — — — —

די גרעסטע אין דער וועלט...

די מאַמע פון די קינדער
אין דער גאַנצער וועלט —

אָן אַ היים.

ניטאָ פאַר איר קיין דירה.

וואוינט אין דרויסן.

# האָב רחמנות אויפ׳ן מענטש

טרעפסט אַ מענטשן.

קענסט אים נישט.

ווייסט אים נישט.

זעסט אים היינט צום ערשטן מאָל.

— האָב אויף אים רחמנות.

— פאַרוואָס?
— פאַר דאָס.

אָדער וואָס אים איבעריג,
אָדער וואָס סע פעלט אים.

ער האָט אַ צרה וואָס ער דאַרף נישט.
ער דאַרף דערלייזונג און סע קומט נישט.

ער איז מונטער,

זאָגט אַ וויצל,

ווייזט אַ שמייכל,

וואַרפט אַ דאָלער,

— אַלץ איז דרויסיג.

עפּעס האָט ער וואָס ער וויל נישט,
עפּעס וויל ער וואָס ער האָט נישט.

אָפּטער ביידע.

אײנגאַנצן מיט אַ מענטשן „גלאַט" —
נישטאָ.

טרעפסט אַ מענטשן.

קענסט אים נישט,

ווייסט אים נישט,

זעסט אים היינט צום ערשטן מאָל,

— האָב אויף אים רחמנות.

מיין דאַנק צו די ברידער מיכל יהושע און שמואל שולזינגער,ביידע געלערנטע עכטע אמת׳ע יונגע האַרציקע אידן, מיט הייליקן אידעאַל פאַר ארץ־ישראל.

אויך מיין דאַנק צום גאַנצן סטעף אין דרוקעריי.

ברכה און הצלחה צו דער הויז פון תורה, וואו עס ווערן געדרוקט מיט גרויס חשיבות די עלטסטע ספרים און די נייעסטע ווערק פון פאָלק ישראל.



אַ באַזונדערן דאַנק דעם גוטן באַשיידענעם מענטש, דעם פראַכטפולן רעדנער, דעם שיינעם באַשרייבער פון מענטשן, געטרייער זון פון אידישן פאָלק, וואָס דינט זיין פאָלק מיט לייב און לעבן, ולא על מנת לקבל פרס.

געשעפטלעך פאַרבונדן מיט די ברידער שולזינגער, מיין ליבער חבר און פריינט, וואָס שעצט און שאַצט אַזוי מיין שרייבן, פאָרזיצער פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, ש. באַנטשעק.

געשריבן פון מיר

**א. לוצקי**

מחבר פון בוך

„אַ בוך צום לעבן״

# פריערדיקע ביכער פון א. לוצקי

דערשינען אין ניו־יאָרק

•

יאָר 1927
„אומעטיק און פרייליך"
אָדער
„נעמט עס, ס'איז גוט פאַר אייך"
4000 ביכער.
ניטאָ מער.

יאָר 1932
„בראשית — אינמיטן"
4000 ביכער.
ניטאָ מער.

יאָר 1945
„פּאָרטרעטן" פון שרייבער און אידישע פירער
2500 ביכער.
ניטא מער.

יאַנואַר 1948
„אַ בוך צום לעבן"
4000 ביכער.

